# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

N 4

מינסק

## אינהאַלט


איציק פֿעפֿער — באַם יאַם (ליד).

דאַניעל — דער וועג צו יולין (דערציילונג).

מ. כאַשטשעוואַצקי — לידער.

נ. אויסלענדער — שאַלאַקושע (דערציילונג).

ה. קאַמענעצקי — אין שאָען אַועלכע (ליד).

ה. בלאָשטיין — ליד.

ד. רובינשטיין — דער צושטאַנד און די אַנטוויקלונג פֿון די יידישע קאָלווירטן אין וו. ס. ס. ר.

י. הערשנבוים — דער צושטאַנד פֿון געזקענטעניש אין די יידישע שולן פֿון ווײַסרוסלאַנד.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי — אַ סאָף צום אַלטן ראָהאַטשאָוו (פֿאַרצייכענונגען).

רעמיניק — וועגן אַ פֿאַלשער טעאָריע.

א. וועוויאָרקע — אונדוער ייכעס (וועגן די ערשטע אַרבעטער-פּאָעטן אין יידיש).

ביבליאָגראַפֿיע.

כראָניק.


| וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי. |
|---|

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניִקט זיִך!

# שטערן

ליִטעראַריִש־קיִנסטלעריִשער און פּאָליִטיִש־
וויִסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

№ 4 — זעקסטער יאָרגאַנג — אַפּרעל, 1930

איִציִק פֿעפֿער.

## באַם יאַם.

ווען
זון איִז הויך און ווײַט
און פֿראָסט באַשנײַט די גאַס
מיט וויִנטעלעך פֿון קאַלטקײַט;
ווען
ווינטער וואַרפֿט מיִט ווײַסן יונגן זײַד
אַף פֿעלדער ווײַטע, אַלטע,
דערמאָן איִך זיך איִן קריִם,
איִן יאַם,
איִן אַ באַגעגעניִש
לעם יאַלטע.

ווען ס'ווערט באַדעקט דיִ ערד
מיִט לויטערקײַט און שנייען,
דערמאָנט זיך מיִר „דיולבער",
די לויטערע אַלייען
און—
מיִר איִנצווייען.

כ'גערענק:
אַרום אין גרינס, איִן העלן גריִנס דיִ ערד,
אַרום איִז פּליאַזש און זון און בערג
און לײַבער ווערן פֿול מיִט שײַן,
און לײַבער ווערן שטאַרק ה: ווײַן...

... אין לײַבער ליגט די קעלט פֿון די אָקאָפּעס
און ס'קילן קילן סוינעשע צעזייט—
איצט ליגט די זון בײַ זיי צוקאָפּנס
און כוואַליעס טאַנצן אַרום זיי.

כ'געדענק:
נאָך טעג אין בלוט, אין רויך, אין פּלאַם
געקומען זײַנען מיר צום יאַם
פֿון ווײַטן פּײַקלענדיקן שליאַך
די קראַנקע לונגען היילן
אויף כוואַליעס זאָלן מײַסעס גרויזאַמע דערציילן...

מע זאָגט, אַז דיכטער וויסן זייער שפּראַך.
סע רוישט דער יאַם—
מע זאָגט. ער וויינט,
מע זאָגט ער לאַכט,—
דאָס האָבן דיכטער אויסגעטראַכט...

געהערט האָב איך אַ ווערטעלע אַן אַלטס
אַמאָל באַנאַכט אַף גרויע באַריקאַדעס,
געהערט: אַז לעוואָנעס וויסן אַלץ,
און זונען וויסן דאָך אַוואַדע...

דאָס האָט מען אויכעט אויסגעקלערט
אין טיפֿע ווינטערדיקע נעכט.

די ווײַט איז הויל,
די זון איז פֿויל,
זי ליגט אין גראָז,
זי וואַלגערט זיך אין בלומען,
זי ווייסט אַפֿילע ניט
פֿונוואַנען זײַנען מיר געקומען!

די לופֿט איז ריין ווי גלאָז,
דער הימל הוידעט זיך אַף הויכע קיפּאַריסן,
און ס'ליגט דער טאָג מיט הויכער זון אין גראָז
אַף שטיקלעך טויזנטער צעריסן...

ווי יונגע הירשן
יאָגן כוואַליעס צו דעם ברעג געשווינד,
בײַ פֿענצטער פֿון „דיולבער‟, ווו ס'פֿלעגן שטייען פֿירשטן
שטייען מיר אַצינד.

אַרום איִז בלויס און העלפּ און גריִנס
און בוימער, סעדער ניִט געזעענע,
כ׳האָב דיִר געשענקט אַ ביִכעלע אַ דיִנס
מיִט ליִדער מונטערע און קליינע...

כ׳האָב זיך געשעמט,
וואָס ליִדער מײַנע קלינגען אַזוי שטיִל,
וואָס ליִדער מײַנע הודען ניִט ווי יענע יאָרן,
און ס׳האָט מײַן בליִק זיִך שעמעוודיִק פאַרלאָרן
איִן קיִל
פון ליִכטיִקע אַלייען...
כ׳האָב זיִך געשעמט:
איִך האָב דעם יאַם
צום ערשטן מאָל
געזעען...

אַ ביִכעלע אַ דיִנס...
מיִט ליִדער קורציִנקע און שטיִליִנקע אַזוינע...
אַ ביִכעלע אַזאַ איִז אויכעט אַ געוויִנס,
ווען די פאַרלאַגן דרוקן נאָר געויניִם...

... ס׳איִז קלאָר:
דאָס איִז געווען איִן צוואַנציִק צווייטן יאָר...
— — — — — — — — —

... מיִר... די ייִנגלעך—שווער צו זאָגן
ציִ האָבן מיר געשריִבן, ציִ געשטיִפּט,
אַליין, אַליין פּאַפּיִר געטראָגן,
דיִ ראָד געדרייט, געזעצט דעם שריִפט...

. . . . . . . . .

דו זיִצסט און מיִשסט די פריִשע זײַטלעך...
דער טאָג איִז שטיל, נאָר ערגעץ ווײַטלעך, ווײַטלעך
פּאַטשט אַ פויגל מיט די פליִגל...
פליִסט אַ טאַטעריִשער טרויעריִקער ניִגן...

. . . . . . . . .

און פלוצלונג כ׳זע:
ניִטאָ קײַן הויף,
דער יאַם אַנטלויפט,
די ווײַסע ווענט פאַרשוואונדן,
ניִטאָ קײַן קיִפּאַריִסן...
...אַ נאַקעט פעלד און מענטשן... קוילעס... וואונדן...
מיִר ליִגן נאָר אינצווייען
און מיר שיִסן...

טאָג צי נאַכט? ס׳איז הוילע פלעצער...
דו און איך...
אַ שוסטער און אַ זעצער..
און לעוואָנע מיט פאַרלאָשענעם געזיכט...
אַ טויטקייט יאָגט,
אַ טויטקייט שלעפט,
אַ טויטקייט רופט
פון שוואַרצן סטעפ...

ס׳איז גאָרניט...
ס׳איז די לופט...
די לופט איז פול מיט ווייַן,
זי שיקערט אין די קעפ...
זי מאַכט אונדז שווער
זי מאַכט אונדז מיד און מידער.

ס׳איז ווייַס „דיולבער",
דאָ ליגט אַף אים דער פראָסט פון מייַנע לידער...
ס׳איז קלאָר:
דאָס איז געווען אין צוואַנציק צווייטן יאָר...

סע יאָגן טעג און נעכטנס העכער ברענען
און אַנדערש קלינגט שוין אונדזער ביידנס שטים,
כ׳געדענק אַצינד באַגעגענישן יענע
באַם יאַם, אין קרים.

. . . . . . . . . . . . . . .

כ׳האָב ליב דעם יאַם
דו ווייסט עס גוט,
כ׳האָב פייַנט באַ שמאָלע טייַכלעך זיצן,
און וויי צו דעם, וואָס זיצט באַרוט
און ציילט
די איינ׳עכטיקע
בליצן...
ס׳איז שווער די מי, נאָר ס׳מאַכט ניט אויס,
די פראָזע
שווערער איז
פון מאַרשן...
דער בליק איז ווייט, די קראַפט איז גרויס,
נאָך טעג, נאָך מאָרגיקע איך גאַר שוין...

מע שטערט פון רעכטס,
מע שטערט פון לינקס,

ניט גרינג איז אָנקומען און ווערן,
מיר וואַקסן הויך, מיר גייען פלינק,
און בויגן אַלע די, וואָס שטערן...

ווײַל שטרענגער מוז מען איצטער זײַן
און פעסטער דאַרף מען שטיין באַם רודער...

דאָס דולע בונטעווען פון פײַנט
באַרעכטיקט אונדזער שטרענגקײַט, ברודער!

מיר זײַנען שטענדיק אַף די פראָנטן,
ווײַל ס'דויערט אומעטום דער שטרײַט
מיר ווילן שטעט אין נײַקײַט אָנטאָן,
אין שטאָל, אין אײַזן...
ווער דאַרף זײַד?

. . . . . . . . . . . . . .

איך שטיי און קוק ווי זאַווערוכעס
לויפן פונעם צווינטער,
איך הער ווי זאַווערוכעס
זינגען אונדזער הימן,

אין קרים דערמאָנען זיך די גוטע ווינטערס
און ווינטער כאַלעמט זיך מיר קרים...

שניי און פראָסט און ווינטערדיקע פראָזע
וואַקסן איצט אין דורכזיכטיקן סאָד,
אַף די פעלדער ליגן ווײַסע גראָזן
און ווי „דיולבער" איז ווײַס די שטאָט...

דער שטאָט אָט דער כ'צי אויס מײַן האַנט,
מײַן האַרץ, מײַן בלוט און מײַנע גלידער,
און לעבן זאָל דאָס לענין-לאַנד!
דאָס לאַנד איז שענער פון די לידער!...

... און דעם, וואָס קומט פון קרעטשמעס פוילע, וויסטע,
שטרענגער כ'זאָג: דײַן „איך" פאַרנויג!
באַווײַז מיט בלוט ווער ביסטו און וואָס ביסטו
און ניט מיט פליגל-וואָרט, און ניט מיט גלאַנץ פון אויג...

מיר קוקן זיך אַרום אַביסל שפּעטלעך,
ס'איז ניט קײַן סאָד, מײַן פרײַנט:
פאַראַן אַזוינע שרײַבערלעך, פאָעטלעך
וואָס גוטע באָלשעוויקעס האָט מען פײַנט...

מע יאָגט פֿון אונדז נאָך בולקעס ווײַסע,
מע קומט אַהער, ווען אַלץ איז גרייט,
מע קומט, מע ברענגט אַ באָבע-מײַסע,
מע שרײַט: מײַן לאַנד! מײַן דאָר! מײַן פֿרייד!
די קונסט בין איך! די קונסט איז הויך!
און מע קוסטאַרעוועט, אַז ס'גייט אַ רויך.

ס'איז גאָרניט, פֿרײַנט, און כאַפּט דער רוך עס.
א ביל, א קריק, אַ ווינט אין פֿעלד,
איך הער דאָס קאָל פֿון ווײַטע זאַווערוכעס.
וואָס הילכן אַף דער גאָרער וועלט...

און נאָכן לעצטן גלײיקן געראַנגל,
ווען ס'וועט דער פֿײַנט צעריבן זײַן, צעמאָלט,
דעמלט וועלן מיר דאָס צעטל אַלעמען דערלאַנגען:
סע קומט אַ כּיוו פֿון אײַך—באַצאָלט!

...אָ, מאָרגן!
איך זע, איך הער אין יעדן שפּאַן,
אין יעדער ווינקעלע, אַף יעדער שליאַך,
די שיינע פֿעסטקײַט פֿון דײַן האַנט,
די שטרענגע קלאָרקײַט פֿון דײַן שפּראַך!

. . . . . . . . . . . . . . .

און:
ווען שאַרפֿער איז דער פֿראָסט אַף גאַסן און אַף פֿעלדער,
אַלץ מערער פֿיל איך זי, די וואַרעמקײַט פֿון קרים...
וואָס מער די שטיינער אַף די שליאַכן ווערן עלטער,
אַלץ נאָנטער קלינגט די צוקונפֿטיקע שטים!

ווען זון איז הויך און ווײַט,
און פֿראָסט באַשיט די גאַס
מיט ווינטעלעך פֿון קאַלטקײַט,
דערפֿיל איך זיי, די טעג די מאָרגיקע,
וואָס ליגן נאָך אין אונדז באַהאַלטן,
דערמאָן איך זיך
אין קרים,
אין יאַם,
אין יאַלטע...

ווינטער 28-30 י.

ד א נ י ע ל.

# דער וועג צו יוליסן.

ברודער, שטענדיק ביסטו אזוי ווײַט פֿון מיר און קיינמאָל ווייס איך ניט אַף געוויס, צי איך שרײַב צו אַ לעבעדיקן, אָדער צו אַ טויטן. פֿון מײַנע יינגסטע יאָרן אָן ביסטו מער מײַן בענקשאַפֿט נאָך אַ ברודער, איידער אַווירקלעכקײַט.

דײַן פֿרוי און דײַן קינד לעבן נאָך אַלץ אַף טווערסקאיא גאַס. דו האָסט געלאָזן אַ בראַוון יורעש אין מאָסקווע, נאָר איין גרויסע צאָרע באַגלייט זיי:

דײַן פֿרוי ווייס ניט, ווי אים צו רופֿן, דײַן קינד... ווען זי איז זיכער, אַז דו ביסט געהאַרגעט געוואָרן אין אויסלאַנד, וואָלט זי אים געוויס אַ נאָמען געגעבן נאָך דיר... דײַן זון וואַקסט אַ בויער.

פֿון אינדערפֿרי ביז אין שפּעטער נאַכט בויט ער פֿון הילצערנע קלעצלעך מויערן און הײַזער, בריקן און טויערן. ער האָט אַן אויסגעצייכנטן מאָדעל:

פּונקט אַנטקעגן זײַן פֿענצטער פֿאַרענדיקט מען בויען אַ ריזיקן מויער. ער האַלט צען עטאַזש אינדערהויך און פֿיר קוואַרטאַלן אינדערברייט.

אינאָוונט, ווען די לעצטע פּאַסן זון הענגען אַף טעלעגראַף-דראָטן, אַף קוימענס פֿון אַלטע מויערן, זעען ריזשטאוואַניעס אויס דורכזיכטיק רויט און לופֿטיק. איך האָב ליב אין די ווינטער-אָוונטן, ווען טווערסקאיא צינדט אָן אירע ברייטע פֿענצטער און ווענט, שיט הויפֿנס עלעקטרישע שײַן אין געלבלעכן דרויסן, און שניי אונטער פֿיס איז פֿאַרגליווערט און סקריפּעדיק האַרט, קוקן אַף די סאַך טרעפּ, טרעפּלעך, בריקן און באַלקנס—אַלץ איז אַזוי מעשוגע איבערגעפֿלאָכטן און פֿאַרפֿלאָנטערט, אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סאָף; אַלץ ציט זיך צו אַ ווינטערדיקן פֿאַרפֿראָרענעם הימל, קלעטערט מיט גלײַכע געאָמעטרישע ליניעס און ווינקלען אַרויף און העכער, ביז אַ דורכגעשניטענער וואָלקן בלײַבט הענגען אַף אַ שאַרף פֿון אַ ברעט. איך ווייס, אַז גאָר גיך וועט דער גאַנצער הילצערנער געפֿלעכט וואַלגערן זיך אין ברוד, אין שניי, און שווערע, אײַזנבעטאָנענע ווענט וועלן קוקן מיט ביטל אַף הרוּ-דעס צעוואָרפֿענעם געהילך. אָבער ביז שטיינערנע ווענט וועלן ווערן פֿאַרטיק—הערשט האַלץ... אַזאַ ווילדן פֿאַנטאַסטישן געוועב האָב איך אַסאַך מאָל געזען אַף די שויבן פֿון אונדזער אַלטער היים. אין אַ ווינטער-טאָג פֿלעגט אַ צוואַנציקגראַדיקער פֿראָסט שפּינען און וועבן אַפֿן שויב וועלדער און שטעט, אָזערס און יאַמען, וועגן און מענטשן.

איך בין נעכטן לאַנג געזעסן באַ דײַן פֿרוי. זי האָט דיך נאָך אַלץ ליב—אָט די פּאָשעטע מיידל פֿון דער ווילנער פֿאָרשטאָט. דו האָסט דאָך זי באַגעגנט אין די טעג, ווען מע האָט אַרומגערינגלט דעם ראָט?

מיר זײַנען ביידע געזעסן באַם פֿענצטער, געקוקט, ווי מע פֿאַרענדיקט בויען דעם מויער און גערעדט וועגן דיר, וועגן יוליסן, וועגן יענע אומפֿאַרגעסלעכע טעג. איך בין דאָך אין ווילנע געקומען נאָך אַלעמען, צו דער לעווײַע, און יוליס האָט נאָך זיך געלאָזן אַזוינע מעטושטישע שפּורן.

שוין אַ יאָר צייט, ווי איך טראָג זיך אַרום מיט אַ געדאַנק:

אָפּזוכן יוליִסעס פּריַינט, כאַווייריִם, בריוו, בילדער, דאָקומענטן און אָנשרײַבן וועגן אים אַ בוך. אָבער וואָס מער איך טראַכט זיך אַרײַן אין אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל, אַלץ קלאָרער ווערט פֿאַר מיר, אַז זײַן לעבן-וועג איז זייער ענלעך צו דיינעם, צו מיינעם און צו נאָך הונדערטער און טויזנטער פֿון אונדזער דאָר...

ווייסט, שמועל, נאָך זײַענדיק אין ווילנע האָב איך דיר געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי איך האָב זיך דערוווּסט, אַז איך האָב אַ ברודער.

דו ביסט אַוועק זייער יונג פֿונדערהיים. איך בין נאָך דאַן אַף דער ווײַסער וועלט ניט געווען. אין שטוב האָט מען וועגן דיר זייער זעלטן גערעדט, נאָר גאָר אָפּט פֿלעגט די מאַמע בלײַבן זיצן אַ געבויגענע בײַם פֿענצטער, די אויגן פֿאַרוואָרפֿן אין דער ווײַט, און בלאָע מאַמעשע ליפּן האָבן שטיל געמורמלט:

„קינד מײַנס... זון מיינער... שמוליקל טייערער... ווו זיינען דיינע ביינער אַהינגעקומען?"..

דערנאָך איז געקומען אַ פּרײַטיקצונאַכט:

זון זעצט זיך פּאַמעלעך און בלייבט צום סאָף ליגן אַ פֿאַרמאַטערטע הינטערן פֿאַרקאַן. אַ לאַנגן זומערדיקן טאָג האָט זי זיך אַרומגעשלעפּט איבער טומלדיקע מערק און גאַסן, רוט זי אָפּ אַ פֿאַרמאַטערטע און בלייכע. אַפֿן גרויסן הויף איז דרימלדיק שטיל און בלויז דאָבע די שוסטערקע זיצט אַפֿן נידעריקן גאַניק פֿון איר דירע, קעמט די פֿאַרדרייטע הערלעך פֿון איר זיבניאָריקער טאָכטער. די האָר זיינען פֿאַרפּלאָנטערט און שוין לאַנג ניט געקעמט—ברעכן זיך דינע, ווייסע ציינער פֿון קאַם, שלעפּן מיט בינטלעך בלאָנדע האָר.

דאָס מיידל רעוועט זיך פֿאַנאַנדער, פֿילט אָן די אַרומיקע שטילקייט מיט ווילדע געשרייען—שטויסט דאָס קעפּל צו דאָבען אין בויך אַריין. בײַ דאָבען איז דאָס פּאָנים רויט און אופּגערעגט און די אונטערשטע ליפּ הענגט אַראָפּ. דער קאָפּ אין אַ ווײַסער שאַבעסדיקער טוך איז אָנגעשפּאַרט אָן אַ בלעכענעם שוסטערשן שילד. דער שילד איז געל פֿון אַלטקײַט און אַפֿן אויסגעמאָלטן שטיוול פֿעלט אַ האַלבע כאָליעווע. ווען דאָבע רוקט צו נאָענט דעם קאָפּ צום שילד, דאַכט זיך, אַז דער האַלבער שטיוול איז אַרײַן צו איר אין די פּלייצעס, דריקט איר אַלץ נידעריקער, נידעריקער צו דער שרײַענדיקער טאָכטער. דאָס מיידעלע קאָן מער דעם ווייטיק פֿון די שאַרפֿע ציין ניט פֿאַרלײַדן, דרייט זיך אַרויס פֿון אונטער אירע הענט און אַנטלויפֿט מיט צעקאָלטענטע האָר אין צווייטן עק הויף.

דאָבע הויבט אוף דעם קאָפּ פֿון אײַנגעבויגנקײַט און באַמערקט אַ פֿרעמדן בײַם טויער.

אַ יונגערמאַן דרייט זיך אַרום איבערן הויף, שוין עטלעכע מאָל איז ער צוגעקומען צו דער טיר פֿון בעסמעדרעש, אַ ווײַלע דאָרט געשטאַנען און צוריק אַוועק צום אײַנגעפֿראַלטן טויער. דער טויער איז בײַ אונדז געווען אַן אַלטער, געהאַנגען אַף צוויי פֿאַראַסטע סקריפּעדיקע שרויפֿן, ווי אָפּגעבראָכענע פֿליגלען.

דער יונגערמאַן בײַם טויער איז געוויס ניט קײַן היגער. אַף די פּלייצעס טראָגט ער אַ ברייטע טונקע פּעלערינע. צוויי שמאָלע שלייקעס איבער דער ברוסט געציילעמט און איבערגעוואָרפֿן. אַפֿן קאָפּ אַ ווייכער קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן. ווען ער הויבט אים אוף און ווישט אָפּ די טראָפּנס שווייס פֿון שטערן—זעט מען, אַז ער פֿאַרמאָגט לאַנגלעכע אַף אַרוף פֿאַרקעמטע האָר.

דאָבע קען מער אַפֿן נידעריקן גאַניק ניט אײַנזיצן. זי קײַקלט איר פֿולן גוף צום טויער און פֿרעגט פֿאַרבײַגייענדיק:

— יונגערמאַן, וועמען, אשטייגער, זוכט איר?

דער פֿרעמדער קוקט, ווי דער אופֿראַמער שאַרט צונויף די לעצטע קופּקעס מיסט אין גאַס און ענטפֿערט ניט גערן:

— איך דאַרף צו מייעראָוויטשן.

— צו נויעכמענדלען—זאָגט אים אונטער דאָבע—אָן, דאָרטן, איר זעט די הילצערנע שטוב...

דער פֿרעמדער דערשרעקט זיך, אַז די פּוילע ייִדענע קאָן זײַן אַזוי העלפֿלעך און גיין אים באַגלייטן:

— איך ווייס, איך ווייס, איך בין שוין עטלעכע מאָל דאָרט געווען... ס׳איז אַ קלייניקייט... בלויז אַ געריס... איך דאַרף דאָ נאָך אַ ווײַלע שטיין...

דאָבע קוקט אַף אים פֿאַרדעכטיק, גייט אַוועק צוריק צום נידעריקן גאַניק, צום האַלבן שטיוול.

דער פֿרעמדער שפּאַנט אַוועק צו דער נידעריקער שטוב, וואָס שטייט פֿאַרוקט אין עק הויף, ער שפּאַנט גיך, די פּאָלעס פֿון זײַן ברייטער פּאַלעריִנע צעפֿאַלן, לויפֿן אים נאָך, ווי שטרויענע עקן פֿון פֿאַפּירענע פֿלעדערמײַז... ער בלײַבט שטיין אין טיר.

פֿון ווײַסן שאַבעסדיקן טישטעך שיילט זיך אויס די מאַמע. זי איז אַ נידעריקע דאַרע ייִדענע מיט אַסאַך איבערגעלעבטע צאָרעס אַפֿן פּאָנים, נאָר די גרויע אויגן זײַנען נאָך יונג און פֿאַרצויגן מיט אַ שטענדיק-פֿינקלדיק הײַטל, ווי זי וואָלט זיי נאָר-וואָס אין בוימל אויסגעוואַשן. זי בלײַבט שטיין אַנטקעגן פֿרעמדן און פֿרעגט מיט אַ באַהאַלטענער שרעק:

— אַ, וועמען דאַרפֿט איר?

— מייראָוויטש וווינט דאָ?

— יע, יע, דאָ וווינט ער,׳ דאָס איז מײַן מאַן טאַקע... ער גייט באַלד אַרײַן... זיצט!

— ס׳מאַכט ניט. איך האָב אַ בריוו פֿון אײַער זון, פֿון שמועלן... שרעקט זיך ניט — ער איז געזונט,

באַ דער מאַמען דערלאַנגט זיך אַ וואַקל דער קאָפּ, ווי דער פֿרעמדער וואָלט איר אַ שטאַרקן זעץ געטאָן.

— וואָס?... אַ בריוו פֿון שמועלן?... — זי קאָן פֿון איבעראַשונג ניט ריידן. לויפֿט אַוועק מיט צעפּלאָנטעטע טריט צום טיש, ברענגט צו שלעפּן אַ שטול:

— זיצט, זיצט, אַ בריוו פֿון שמועלן?...

און פּלוצים ווערט באַ איר שטאַרק בלייך דאָס פּאָנים, די אויגן ווערן גרעסער, דערשראָקענער, זי קוקט אַ ווײַלע אָנגעשטרענגט אַפֿן פֿרעמדן, דערלאַנגט אַ גיכן שפּרונג פֿון אָרט, פֿאַרקלאַמערט אירע קורצע הענט אַרום זײַן האַלדז און פּראַלט אַרויס אַ פֿריידיקן געוויין:

— מײַן זון!... מײַן קינד! דו לעבסט?

דער פֿרעמדער איז אַ הויכער טונקעלער באָכער. גרויסע שוואַרצע אויגן זיצן טיף אונטערן שטערן, פֿינקלען פֿון דאָרטן אַרויס מיט אַסאַך פֿאַרלאָרנקײַט. די מאַמע הענגט באַ אים אַפֿן האַלדז, ווי אַ קליין קינד, ער האַלט ניט זיכער איר דאַרן גוף אין זײַנע אָרעמס און בעט זיך שטיל:

— אַנטשולדיקט מיך... אַנטשולדיקט מיך... איך בין ניט אײַער זון... איך האָב בלויז געבראַכט אַ בריוו פֿון אים... איך בין ניט אײַער זון...

באַ דער מאַמען כאַלעשן אָפּ די הענט. זיי פֿאַלן אַליין אַראָפּ פֿון פֿרעמדנס פּלייצעס. איצט זײַנען די אויגן באַ איר ברייט צעעפֿנט און קוקן בלינד. זי זעצט זיך אַראָפּ אַפֿן דערלאַנגטן שטול און רעדט פֿון היץ:

— מײַן קינד... מײַן שמוליקל... דו ביסט געקומען?... האָסט מוירע מיר אָנזאָגן אַ גוטע בסורע... שרעק זיך ניט... איך בין רויק...

אָבער נאָענט צו אים גייט זי ניט צו. איר שרעקט זײַן קאַלטקײַט. דער פֿרעמדער שלעפּט אַרויס פֿון בוזעמקעשענע אַ קליינעם אָפֿענעם קאָנווערט, לייגט אים אַוועק אַפֿן ווײַסן, שאַבעסדיקן טישטעך:

— זײַט מיר מוחל, וואָס איך האָב אײַך אַזוי דערשראָקן... איך בין זייער ענלעך אַף אײַער זון... האָט אַ גוטע נאַכט. פֿאַרן אַוועקפֿאָרן וועל איך געוויס אַרײַנקומען.

די מאַמע ענטפֿערט גאָרניט. די מאַמע בלײַבט זיצן אינמיטן צימער, אויגן געווענדט צו דער פֿאַרמאַכטער טיר.

איך שאַר זיך ניט באַמערקט אַרויס פֿון שטוב, לויף מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם אַוועק אין בעסמעדרעש, געפֿין צווישן די סאַך ברייטפּלייציקע טרעגערס דעם טאַטן:

— טאַטע, טאַטע, אַ פֿרעמדער איז געקומען אין אַ שוואַרצער פּאַלערינע... די מאַמע שרייַט מייַן זון... און ער וויל ניט.. קום אַהיים...

דער טאַטע בלייַבט שטיין ניט גערירט, דאָס פּאָנים אַרייַנגערוקט אין וואַנט. ער איז אַ הויכער געבויגענער ייִד מיט אַ לאַנגער געלער באָרד און שוואַרצע בייזע אויגן. ער רוקט מיך פֿאַרזיכטיק אָפּ פֿון זיך, גייט הינטערווייַלעכס עטלעכע שריט, בויגט זיך אַף רעכטס, אַף לינקס און ענטפֿערט קאַלט:

— ס'ברענט ניט. איך גיי באַלד...

ווען דער טאַטע גייט אַרייַן אין שטוב, זיצט די מאַמע באַם טיש, דרייט אין די דאַרע פֿינגער דעם געלאָזענעם בריוו: זי הערט ניט אונדזער אַרייַנקום. זי קוקט מיט פֿאַרלאָפֿענע אויגן אין די גלייַכע ייִדישע אויסיעס, פֿאַרשטייט גאָרניט.

דער טאַטע וואַשט די הענט, נעמט צו באַ דער מאַמען דאָס פֿאַרשריבענע בויגעלע פּאַפּיר און גייט שווייַגנדיק אַוועק צום קאָמאָד.

ער טוט אָן אַף זייַן פֿליישיקער נאָז מיט די סאַך בלויינקע אָדערלעך די ברילן און הויבט אָן לייענען.

לאַנג לייענט ער פֿאַר זיך. דאָס פּאָנים ווערט וואָס פֿון רעגע אַלץ אייַנגעשרומפּענער און פֿינצטעריער, דער הויכער שטערן צעקנייטשט אין טיפֿע פֿאַלדן און די געלע באָרד פֿאַרגייט אין רויטקייַט, ווי די שייַן פֿון די דרייַ ליכט אָפֿן טיש איז אין באָרד אַרייַן—זי אונטערגעצונדן.

די מאַמע איז צוגעוואַקסן צום טיש, זיך באַהעפֿט מיטן ווייַסן טישטעך. דער קאָפּ איז באַ איר אויסגעדרייט צום נידעריקן, סקריפּעדיקן קאַמאָד, צום הויכן געלן ייִדן, וואָס שטייט דאָרט געבויגן איבערן בויגעלע פּאַפּיר און לאָזט פֿון זיך ניט אַרויס קייַן איין קלאַנג, ווי ער וואָלט שטום געוואָרן...

די מאַמע האַלט ניט אויס די אָנגעשטרענגטע שטילקייַט, שרייַט זיך כליפּענדיק פֿאַ-נאַנדער:

— גאַזלען, רייד שוין אַ וואָרט! צוועלף יאָר פֿון אַ קינד ניט געוווּסט, און ער...

די מאַמע קאָן ווייַטער ניט שרייַען, פֿאַרגייט זיך אין אַ שטילן געוויין.

איצט לייגט דער טאַטע צונויף דאָס בויגעלע פּאַפּיר, לאָזט עס ליגן אָפֿן קאָמאָד, גייט צו נאָענט צו דער וויינענדיקער מאַמען:

— וואָס האָסטו זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט? נאַר, שמועל לעבט...

אין זייַנע געציילטע ווערטער איז דאָ זייער פֿיל צאַרטקייַט, נאָר זי ליגט באַהאַלטן אונטער אַ דיקער פֿעל פֿון אַ טרוקענער שטים. די מאַמע דערפֿילט עס, ווערט דרייסטער:

— נויעך, מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז מיטן קינד האָט געטראָפֿן אַן אומגליק. ווו איז ער? רייד שוין אַ וואָרט...

דער טאַטע שפּיליעט פֿון אויפֿרעגונג די קנעפּלעך פֿון זייַן שוואַרצן, אָפּגעקראָכענעם סורדעס, לויפֿט אום מיט צעטומלטע פֿינגער איבער דעם אייגענעם בויך, נאָר ווערטער פֿון זייַנע באַוואָקסענע ליפּן פֿאַלן קאַלט און פּאָשעט, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן אַלטעגלעכע קליינינקייַטן:

מ'וועט דאַרפֿן נאָך שאַבעס פֿאָרן אין וואַרשע. אין וואַרשע זיצט ער אין ציטאַדעל.

די מאַמע פֿאַרשטייט ניט וואָס דער טאַטע רעדט. די ווערטער „וואַרשע“, „ציטאַדעל“ קריכן אין דערשראָקענעם מויעך, ווי אָנגעברענטע נאָדלען אין אַ קראַנק לייַב. דער קאָפּ זינקט אָפֿן ווייַסן טישטעך, און די פּלייצעס הויבן אָן צוקן. די פּלייצעס וויינען.

דער טאַטע ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, ער זעצט זיך אַראָפּ לעבן דער מאַמען.

— הענע, הענע, ס'איז אַ נאַרישקייַט, אָט הער וואָס ער שרייַבט.

ער גייט אַװעק מיִט אײַליִקע טריִט צום איִבערגעטריִקנטן קאַמאָד, וויִקלט פֿאַנאַנדער דאָס
בויגעלע פּאַפּיִר און הויבט אָן מיִט אַ היִלצערנער שטיִם לייענען:

„טאַטע, איִך וויים, אַז דו טראָגסט אַף מיִר אַ קאַס פֿאַר צוועלף יאָר שווײַגן און
עפּשער נאָך מער פֿאַר מײַן אַוועקגיין פֿון שטוב אָן דײַן וויִסן. אָבער איִצט איִז ניִט קײַן
צײַט פֿון דעם צו ריידן. פֿאַר די צוועלף יאָר בין איִך אויסגעווען איִן אַסאַך לענדער, זייער
זעלטן געזעסן מער ווי דרײַ, פֿיִר כאַדאָשיִם איִן איין שטאָט, געווען אַ רעוואָלוציאָנער-
נאַווענאַדניִק. עפּשער איִז דאָס געווען די סיִבע, וואָס איִך האָב צו אײַך ניִט געשריִבן...
וואָס מאַכט די מאַמע? זי האָט שוין געמוזט פֿאַרגעסן, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט אַ שטיִ-
פֿער אַ זון מיִטן נאָמען שמולקע. צוויי יאָר שוין ווי איִך זיִץ איִן וואַרשעווער ציִטאַדעל.
עטלעכע מאָל האָט מיר מײַן אַדוואָקאַט פֿאָרגעלייגט זיך ווענדן צו אײַך, אײַך בעטן קומען
אַהער און באַשטעטיִקן, אַז איִך בין אײַער זון. איִך האָב עס די גאַנצע צײַט ניִט געטאָן.
מיר איִז געווען מעשוגע שווער נאָך צוועלף יאָר שווײַגן, און נאָך אַלעס דעם, וואָס ס'איִז
צוויִשן אונדז פֿאָרגעקומען פֿאַר מײַן אַוועקגיין פֿון שטוב, בעטן באַ דיִר היִלף. איצט האָב
איִך קײַן אַנדער אויסוועג ניִט. מיִר וואַרט די שטריִק (דער טאַטע האָט די פֿראַזע מיט
מאַטערניש איִבערגעהיפּט, ווי אַן אָנצייִנערדיִקער ייִד שליִנגט אַראָפּ אַ האַרטן שטיִק ברויט).
מע באַשולדיִקט מיך איִן האַרגענען דעם וואַרשעווער זשאַנדאַרמען-שעף. אַלע באַווײַזן זײַ-
נען געווענדט קעגן איינעם אַ מענטשן מיטן נאָמען יוליִס שיִמעלעוויִטש. איך האָב די לעצטע
צײַט געלעבט אַף אַ פֿרעמדן פּאַס. איִן פּאַס, וועלכן מע האָט באַ מיר געפֿונען, ווען מ'האָט
מיך אַרעסטיִרט, הייס איך בער ראָזאָוו, אַ זון פֿון איינעם אַ וואַרשעווער באַקאַליי-קרעמער.
די זשאַנדאַרמעריע האָט געוואָרפֿן אַ כשאַד, אַז איך באַהאַלט זיך אונטער אַ פֿרעמדער
פֿאַמיִליע. צוויי מאָל האָט זי אַרויסגערופֿן מײַנע קלוימערשטע עלטערן און בײדע מאָל
האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט מיך צו אנערקענען פֿאַר זייערן אַ זון. אַפֿן לעצטן פֿאַרהער האָב
איך מוידע געווען, אַז מײַן ריִכטיקער נאָמען איז שמועל מייעראָוויִטש. דעם איצטיִקן פּאַס
מײַנעם האָב איִך געקויפֿט איִן פֿראַנקרײַך, ווען איך האָב באַשטימט זיך אומקערן צוריִק
איִן רוסלאַנד. קומען צוריִק איִן רוסלאַנד ווי שמועל מייעראָוויִטש האָב איִך ניִט געקאָנט,
ווײַל איך בין ניִט געווען איִן מיליטער-דיִנסט... אויב אײַך איִז ניִט שווער—קומט צו-
פֿאָרן און באַשטעטיִקט, אַז איך בין אײַער זון און בין אַוועק פֿון רוסלאַנד איִבער מיִליִטער-
דיִנסט... "

באַ דער מאַמע איִן קאָפּ פּלאָנטערן זיך פֿרעמדע נעמען. זי וויים ניִט ווער איִז אַזוינער
יוליִס שיִמעלעוויִטש, בער ראָזאָוו, דער זשאַנדאַרמען-שעף און וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָבן
זיי צו איר זון, צו שמוליִקן.

איין זאַך באַנעמט זי גוט—דיִך האָט געטראָפֿן אַ גרויס אומגליִק און מע מוז לויפֿן וואָס
גיִכער איִן וואַרשע דיך ראַטעווען...

מ'עסט שווײַגנדיִק און גיִך. דער טאַטע איז ווייכער און צוגעלאָזטער צו אונדז ווי אַלע
מאָל. נאָכן עסן בלײַבן זיי ביידע זיצן באַם טיש און דער טאַטע לייענט נאָכאַמאָל דעם
בריִוו פֿון אָנהויב. אָן מיך האָט מען פֿאַרגעסן. איך זיץ איִן אַ וויִנקל אַ צונויפֿגעדרייטער
און ניִטבאַמערקטער.

די דרײַ ליכט אין די קופּערנע לײַכטער דרייען געהיימניִספֿולע שאָטנס אַף די-ווענט.
איִן שטוב איִז שטיִל, שטיל. דעם טאַטנס שטים קלינגט אָפּ אין די ווינקלען צעבראָכן און
צוגעשטיקט. די מאַמע רוקט דעם קאָפּ אַלץ נעענטער, נעענטער צום וויַסן בויגעלע פּאַ-
פּיִר, צים טאַטנס באַוואקסענע ליפּן, קוקט אים איִן מויל אַרײַן, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט,
אַז ער נאַרט זי אָפּ, לייענט ניט דאָס, וואָס דאָרט איִז אָנגעשריִבן...

אַף דער וואַנט, העכער פֿון ניִדעריִקן קאָמאָד, וואָס שטייט איִצט שטאַרק דערשראָקן
איִן וויִנקל, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז זײַנע אייגענע, שווערע שופֿלאָדן וועלן איִם
פֿאַראַטן און אַנטלויפֿן ערגעץ ווײַט, ווײַט איִן שטאָט וואַרשע, שאָקלען זיך צוויי שאָטנדיקע

קעפּ: איינער אַ הויכער שפּיציקער מיט אַ צעקנייטשטער סאַמעטענער יאַרמעלקע, דער צווייטער אַ נידעריקער מיט צעפּאַלענע האָר אין די זייטן.

וועבט זיך באַ דער שיין פון צאַנקענדיקע ליכט אַ צעפלאָנטערטע מייסע וועגן אַ ברו־דער, וועלכן איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן ניט געזען, וואָס זיצט ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט וואַרשע, אין אַ ציטאַדעל פאַרשפּאַרט...

— מ'וועט דאַרפן מאָרגן פאָרן אין וואַרשע—זאָגט אומגעריכט דער טאַטע.

— און אַף וועמען לאָזט מען איבער די שטוב?

— אַ קינד איז טייערער. .

די פרייטיקצונאַכטיקע ליכט ווילן זיך ניט אויסלעשן, טרינקען זיך שוואַרצע אָפּגע־ברענטע קנייטן אין צעשמאָלצענעם כיילעוו, פאַרגייען אין געלקייט, אין טונקל, בליצן אויף צום לעצטן מאָל מיט אַ העלן פינקל און לעשן זיך מיטאַמאָל אויס.

איצט רויכערט אַפן קאַמאָד דער פינפטער לעמפל, צייכנט שוואַרצע רייפן שיין אַרום זיך און פאַרוועבט די גאַנצע שטוב אין שאָטנס. אַ גאַנצע נאַכט וועט ער שטיין ניט גע־רירט, ציען פאַמעלעך און שפּאָרעוודיק קאָפּעלעך נאָפט פון בלויען טינטערל. ווען נאָפט וועט שוין זיין ביזן דעק אויסגעזויגן, וועט ער פון זיך אַליין שטאַרבן.

קיינער, אַכוץ דיין פינפיאָריק שוועסטערל, שלאָפט ניט. מע ליגט אין די בעטן מיט אָפענע אויגן און מע רעדט וועגן דיר.

די בעטן זיינען באַ אונדז ברייטע מיט שוואַרצע פאָלירטע ווענטלעך. אין די ווענט־לעך זיינען אויסגעשניטן זייער פיל פאַרדרייטע געמעלן. אַז מע פאַרזשמורעט די אויגן און מע קוקט אַף זיי לאַנג, דאַכט זיך, אַז דאָרט איז אַ געדיכטער וואַלד מיט אַסאַך בוימער און כייעס. אינדערעמעסן זיינען די געמעלן געווען זייער איינפאַכע: אינמיטן אַ שטאַם און פון ביידע זייטן שטאַם דינע האַלברונדן. דעם טאַטנס ווערטער בלאָנדזשען אום אי־בערן צימער, זוכן דער מאַמעס בעט, געפינען ניט, שטאַרבן אָפּ אַפן וועג:

— הענע, הענע.

די מאַמע שווייגט און נאָר די פאָלירטע ווענטלעך פון דער בעט וויינען:

— וואָס, איך פאַרשטיי ניט, אַז מיטן קינד האַלט שמאָל...

מאָצעשאַבעס זיינען זיי אַוועקגעפאָרן אין וואַרשע.

דער טאַטע אין זיין שוואַרצן טוכענעם סורדעט, די מאַמע אין איר שאַבעסדיקער קלייד. דער טאַטע איז געווען אַ גרויסער שווייגער. דעם גאַנצן וועג מינאַסטאַם אָפּגע־שוויגן באַם פענצטער, דעם צעהיצטן שטערן אַריינגערוקט אין שויב. ווען אים איז געוואָרן שטאַרק שווער צו קוקן אַף אַ גרויסער קיילעכדיקער זון, וואָס איז די גאַנצע צייט נאָכגע־לאָפן נאָכן באַן, איז ער פון פענצטער אַוועק, גענומען אומשפּאַנען איבערן געפּאַקטן וואַגאָן, ווי אַ טרייער הונט. ער האָט געשפּאַנט פאַמעלעכקע און שווער, דער אויסגעצוי־גענער רוקן האָט זיך אַ בויג געטאָן און זיך מער צוריק ניט אויסגעגלייכט. אין דער געלער באָרד האָט די שלאָפלאָזע נאַכט אָנגעשנייט אַסאַך גרויע האָר, געלאָזן זיי ליגן, ווי ערשטן שניי אין אַ זוניקן ווינטער-טאָג. אונטער פאַרמאַטערטע אויגן האָבן זיך פאַרקריצט בלויע רייפן, ווי שפּורן פון שווערע רעדער, וואָס פאָרן דורך אַ זאַמדיקן וועג.

דער טאַטע האָט געוויס געוואָלט פרעגן באַ איינעם פון די ווילד-פרעמדע יידן, ווו עס וווינט אין וואַרשע דער פּראָקוראָר? אָט אַוי צוגיין צו אַ ווילד-פרעמדן מענטשן, אים אָנעמען פאַר די לאַצן און אַ פרעג טאָן: „איר ווייסט ניט, ווו עס וווינט אין וואַרשע דער פּראָקוראָר?"

דער טאַטע האָט גאָרניט געפרעגט. צוריק אַוועק אַ געבויגענער צום פענצטער, גע־קוקט, ווי אַ לאַנגער זומערדיקער טאָג גייט איבער אין נאַכט און געטראַכט וועגן דיר, וועגן זיין בכאָר.

דִי פֿרעמדע פּאַסאַזשִירן קוקן פֿאַרװוּנדערט אַפֿן געבװיגענעם יִידן מִיט דער געלער באָרד, באַקוּמען זייער פֿיל אָפּשײַ פֿאַר זײַן גאַנצן טאָג שװײַגן בּאַם פֿענצטער און שושקענען זִיך שטִיל—„ער מוּז האָבן אַף זִיך דעם עמעסן פּעקל, אָט דער געלער יִיד...״

אִיך און דאָס שװעסטערל זײַנען געבלִיבן הִיטן דִי שטוּב.

אִיר אִיז דאַן געגאַנגען דער פֿינפֿטער יאָר, און מִיר—דער אַכטער.

אִין טרעגערשן בּעסמעדרעש זײַנען אַלע אָװנט פֿאָרגעקומען געהיימע פֿאַרזאַמלונגען. דִי שכיינִים פֿלעגן פֿאַרשפּאַרן טיר און לאָדן, אַנטלױפֿן צו פֿרײַנט, אַף װײַטע גאַסן. דִי הױף־שכיינים האָבן גוּט געװוּסט, אַז בּאַ אַ דוּרכפֿאַל באַקומען זײ דרײַ יאָר טפִּיסע פֿאַר בִּיט מאַסערן. און מִיר האָבן גאָרנִישט געװוּסט. מיר זײַנען קִינדער געװען, געזעסן אײַנגעטוּליעט בּאַם פֿענצטער, געקוּקט, װי אַן אָװנטִיקע זון גלִיטשט זִיך אַראָפּ פֿון בּלעכענעם דאַך און דער מױער אַנטקעגן װערט טוּנקל־בּרױן, פֿאַרצױגן מיט אוּמעט. דִי זון האָט פֿאַר אִיר פֿאַרגײן אָנגעצוּנדן אַלע שױבן פֿון אַנטקעגנדִיקן מױער—בּרענען זײ מִיט אַ העלן שרעקעדִיקן פֿײַער.

אִין טרעגערישן בּעסמעדרעש צִינדט מען קײן פֿײַער נִיט אָן. רעדנער רײדן אִינדערפִֿינצטער. זעלטן װען ס׳בּלִיצט אוּף אַ שװעבעלע, לעשט זיך צוּרִיק אוּיס, און װִידער אִיז דִי טרעגערשע שוּל פֿאַרהִילט אִין פִֿינצטערנִיש. קנײַלכעלעך רײער דערקײַקלען זִיך צו אוּנדזערע פֿענצטער פֿאַרשטיקט און צערִיסן, װי דִי װענט װאָלטן רײדן. אוּנדז װערט שטאַרק שרעקעדִיק, פֿאַרקלײַבן מִיר זִיך אִין אַ װִינקל פֿון דער בּרײטער בּעט מִיט דִי אָפּגעפּאָלִירטע װענטלעך. דִי מוּמע סאָרע קוּמט אַרײַן, דרײט זִיך אַרוּם אַ שװײַגנדִיקע אִיבּערן צִימער, זוּכט לאַנג אַ שװעבעלע, געפִֿינט אַפֿן לײַסט פֿון אױװן, צִינדט אָן דעם לאָמפּ און גִיט אוּנדז עסן. דערנאָך דרײט זִי אַראָפּ דעם קנױט, הענגט אוּף דעם לאָמפּ אַף דער װאַנט, אַפֿן גרױסן טשװאָק און טרײסט אוּנדז פֿאַרן אַװעקגײן:

— שלאָפֿט, קִינדער, מאָרגן װעלן זײ אִימִירצעשעם קוּמען.

מִיר װײסן נִיט, װאָס הײסט „אִימִירצעשעם״.

דִי מוּמע סאָרע אִיז אַ שװערע יִידענע מִיט בּוילעטע װאָנצעס אוּנטער דער לאַנגער שפּיצִיקער נאָז. זִי לאַכט קײנמאָל נִיט. מִיר האָבן איר פֿײַנט און פֿאַרגעסן גלײַך, אַז זִי אִיז דאָ געװען.

פֿון דער טרעגערשער שוּל גײען מענטשן אַװעק אײנצִיקװײַז און געהִיט. דער הױף אִיז שױן אײַנגעשלאָפֿן פֿאַרצױגן מִיט נאַכט. מִיר לִיגן מִיט אָפֿענע אױגן אִין דער בּרײטער בּעט און דערצײלן זִיך מײַסעס װעגן טפִּיסעס, טלִיעס און העלדישקײַט.

אַסאַך פֿון דִי מײַסעס האָט מען בּאַ אוּנדז אִין שטוּב דערצײלט װעגן מענדקע דײַטשן, װעגן סאַשע אַפּטער און אַנדערע. אָבּער אוּנדזערע קינדערשע געפִֿילן זײַנען דאַן פֿוּל געװען מִיט דִיר, און אַלע מײַסעס און לעגענדעס פֿון יענע יאָרן פֿלעכט אִיך אַרוּם דײַן נאָמען.

װאָס ס׳אִיז פֿאָרגעקומען אִין װאַרשע—װײס איך נִיט. אִיך װײס נאָר, אַז אַפֿן װעג פֿון װאַרשע קײַן סִיבִּיר בִּיסטוּ אַנטלאָפֿן, אַרִיבּער דִי גרענעץ און אַף אַסאַך יאָרן פֿאַרפֿאַלן געװאָרן אִין אוּיסלאַנד.

בּאַגעגנט האָבּ אִיך דיך מִיט אַסאַך יאָרן שפּעטער.

דוּ בִּיסט דאַן געקוּמען מִיט אַ גרוּפּע עמִיגראַנטן פֿון פֿראַנקרײַך, יוּלִיס פֿון דער אַרמײ און אִיך פֿון הײמלאָזִיקײַט, פֿון אוּראַל.

יוּלִיס האָט דאַן שױן געאַרבּעט אִין יִידישן קאָמִיסאַרִיאַט, זִיך אוּמגעטראָגן, װי אַ רוּעך אִיבּער סמאָלענסק, אָריאָל, װִיטעבּסק, האָמעל—באַשאַפֿן קאָמוּניסטִישע סעקציעס און בּאַװאָפֿנטע אַרבּעטער־מאַכנעס.

אִין אײנעם פֿון דִי אָװנטן האָט אוּנדז יוּלִיס דערצײלט װעגן אַנאַ בּאָגדאַנאָװִיטש, װאָס קלײַבּט זִיך פֿאָרן אַף אוּמלעגאַלער אַרבּעט אִין װִילנע.

אִין 1927 יאָר האָבּ אִיך זִי בּאַגעגנט אַף דִי מִינסקער גאַסן.

אַזוי, אין נאַסטומל, אין אויסמיש פֿון מענטשן, אין קלאַפּערײַ פֿון רעדער איז אַפֿן שטיינערנעם ברוק געפֿאַלן אַ נאָמען:

אַנאַ!

זי האָט דערהערט און זיך אָפּגעשטעלט.

די אויגן ברענען נאָך אַלץ מיט אַ יוגנטלעכן פֿײַער און די האָר זײַנען זילבעריק-גראָ, ווי פֿריִער. די הויט אַפֿן פּנים איז געוואָרן פֿאַר דער צײַט געלבלעך און צוויי טיפֿע קנייטשן ציִען זיך פֿון נאָז איבער דער גאַנצער ברייט פֿון שטערן, ווערן פֿאַרפֿאַלן צווישן די וואָרצלען פֿון אירע גרויע האָר. זי איז געוואָרן עטוואָס דיקער, נאָר ניט פֿאַרלאָרן די פֿריִערדיקע באַוועגלעכקײַט. אין די טונקעלע אויגן ליגט נאָך אַלץ באַהאַלטן אַ מאָדנע צעטראָגנקײַט, ווי זי וואָלט אַמאָל און מיט אַסאַך יאָרן צוריק פֿאַרלאָרן זייער אַ טײַערע זאַך און האַלט עס אין איין אַרומזוכן...

וואָס טוט זי איצט?

ווי לעבט זי?

איך ווייס ניט. אונדזער באַגעגעניש איז געווען אַ קורצע.

אַנאַ האָט געפֿרעגט:

— וואָס טוט איר דאָ?

איך האָב געענטפֿערט:

— געקומען קלײַבן מאַטעריִאַל. איך שרײַב די טראַגעדיע פֿון ווילנער אַרבעטער-ראַט.

זי האָט אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן גוף, דאָס פּנים איז געוואָרן בלייך און מיט פֿינצטערניש פֿאַרצויגן. די ליפּן האָבן זיך צונויפֿגעפּרעסט, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט אַ לטן, פֿאַרגעסענעם ווייטיק אַרויסשרייען. איר איז געוואָרן שווער מיט מיר...

— אַנאַ, אַנאַ! — האָב איך זי פֿאַר דער האַנט אָנגעכאַפּט — גייט ניט אַוועק. דערציילט, איר זײַט דאָך געגאַנגען מיטן אָטריאַד אַף ווילנע... ליודוויג איז דאָך געווען אײַער אַ נאָענטער...

זי האָט איבערגעהאַקט מײַן היציקן ריידן:

— גענוג, איך וועל גאָרניִשט דערציילן... אין היסטפּאַרט מוז זײַן מאַטעריִאַל.

זי האָט מיר אויסגעצויגן אַ קאַלטע פּראָסטיקע האַנט, געוואָלט אַוועקגיין, ניט אַוועק. דאָס פּנים איז שוין באַ איר געווען אינגאַנצן רויִק, און נאָר די אויגן האָבן באַהאַלטן זייער פֿיל פּײַן, זי איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו מיר און ווי אַ נאָענטן פֿרײַנט פֿאַרטרויט:

— איר זײַט דאָך אַ שרײַבער, דאַרפֿט איר פֿאַרשטיין, אז ס'זײַנען דאָ זאַכן, וועגן וועלכע ס'איז שווער צו ריידן... גייט אַרײַן אין היסטפּאַרט...

זי איז אַוועק מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, מיט אויסגעגלײַכטע ביינער, ווי זי וואָלט מיר געוואָלט אײַנריידן, אַז אונדזער באַגעגעניש האָט אַף איר קיין גרויסן רושעם ניט געמאַכט...

איך האָב לאַנג געקוקט, ווי איר הויכע שמאָלפּלייציקע פֿיגור פֿאַרשווינדט אין אַ זײַטיקן געסל און אוועק אין היסטפּאַרט.

אין דער זײַט און פֿאַרשאַרט ליגט פֿאַרגעסן אַ שמאָל געסל. באַטאָג און באַנאַכט איז שטיל און דרימלדיק אין יענעם ווינקל. מענטשן גייען דאָרט זעלטן.

קוקן זיך איבער צוויי מויערן:

איינער אַ העלער, פֿריש-געפֿאַרבטער, מיט אַסאַך ברייטע, ליכטיקע פֿענצטער.

אַ רויטאַרמעישע וואַך היט דעם מויער פֿון דרויסן.

אַ רויטאַרמעישע וואַך היט דעם מויער פֿון אינעווייניק.

אַנטקעגן מויער פֿון געפֿעגניש באָדט זיך אין זון, אין דרימל דער מויער פֿון היסטפּאַרט. דאָס מויערל איז פֿין דרויסן שטאַרק באַשיידן און ניט שרײַענדיק, אים היטן ניט

קײַן רויטאַרמייער, ניט פֿון דרויסן, נִיט פֿון אִינעווייניִק. אַ בלעכענער שילד דערציילט מִיט קאַרגע ווערטער, אַז הִינטער דִי ווײַסע רויִקע ווענט ווערט פֿאַרהיט דִי שטורמִישע געשִיכטע פֿון דער פּאַרטיי.

אִינעווייניִק. פֿאַרבײַ דִי ווײַסע ווענט, שטייען לאַנגע טִישן באַדעקטע מִיט גראָבע דורכזִיכטִיקע גלעזער, אונטער דִי גלעזער לִיגן פֿאַרמאַטערטע אויסגעגעלטע דאָקומענטן.

צענדלִיקער יאָרן האָבן זיי זִיך געוואַלגערט אִין אונטערערדִישע קעלערס, אף פֿינצטערע בוידעמס, אִין פֿאַרשלאָסענע אַלמערס פֿון קייזערלעכע דעפּאַרטאַמענטן—דערפֿאַר זײַנען אויסיעס אף אויסגעגעלטע פּאַפִּירן אַזוי פֿאַרמעקט און אָפּגערִיבן, ווי טרִיט פֿון פֿאַרשִיקטע אַף סִיבִירער וועגן.

אִינאָונט, ווען זון בלײַבט שטיין אִין דִי ברייטע פֿענצטער בלוטִיק-רויט און נאַכט הויבט אָן פֿאַרהילן דִי שטאָט, פֿינקלען דורכזיכטיקע גלעזער אַף לאַנגע טִישן, ווִי שאַרפֿע מעסערס, און דער גאַנצער צִימער ווערט ענלעך אַף אַן אָפּעראַציע-זאַל.

פֿאַרשטאָרבענע רעוואָליוציאָנערן קאָנען מער דעם לאַנגווײַל פֿון שטִילן צִימער נִיט פֿאַרטראָגן, רײַסן זִיך פֿון דִי שווערע, באַגילדעטע ראַמען, און ווִידער לעבט דער הִיסט-פּאַרט-מויער אִין אָפּהִילכן פֿון אַמאָל, ווִידער שרײַען אויסגעגעלטע דאָקומענטן אונטערן גלאָז פֿון פֿאַרשִיקטע יאָרן און געוועזענע שלאַכטן...

לִיגט אין שכיינעס און צווישן אַסאַך ענלעכע דאָקומענטן יולִיסעס אַ ברִיוו. אַ דִיקע גלאָז פֿאַרהִיט זײַנע צעדרייטע, נערוועזע ווערטער פֿון שטויב און לופֿט.

עטלעכע מאָל בִין אִיך שוין אין יענעם מויערל געווען.

עטלעכע מאָל האָב אִיך דִי צעדרייטע אויסיעס דורך דער גלאָז געלייענט, דעם אָפּגע-האַקטן אָטעם פֿון די טרוקענע פֿאַקטן אִין זִיך אײַנגעזאַפּט און אַלץ געטראַכט, אַז יולִיס האָט וועגן זיך און וועגן זײַנע אייגענע שטִימונגען קײַן איין וואָרט פֿאַרן טויט נִיט אָנ-געשריבן...

נעבן מיר שטייט דער פֿאָרשער פֿון היסטפּאַרט. ער קוקט מִיט זײַנע פֿאַרבלאָזע אויגן ווִי אִיך שרייב אַראָפּ יולִיסעס ברִיוו. דער קאָפּ אִיז באַ אִים אַ גרויסער און בייט אַלע-מאָל פֿריער פֿון זײַן ברייטן פֿאַנאַנדערגעוואַקסענעם גוף. ער האָט, ווי אַף אַ מִיטִינג, מִיט אַסאַך יאָרן צוריק דִי שטִים איִבערגעריסן — אִיז זִי שוין געבלִיבן אַזאַ פֿאַרקִילטע און הייזערִיקע.

פֿאַר דער רעוואָלוציע אִיז ער געווען אַ פּרעסער אִין אַמעריִקע און קיינמאָל נִיט גע-כאָלעמט, אַז אִים וועט זײַן באַשערט גאַנצענע טעג זִיך גראָבן אין פֿאַרשטויבטע בִיכער, פֿאַרמאַטערטע דאָקומענטן, אָפּזוכן פֿאַרלוידענע שפּורן פֿון די ערשטע יִידישע באָלשע-ווִיקעס.

— אַ היצִיקער יונג געווען יולִיס.

— פֿונוואַנען ווייסט אִיר?

— אִיך האָב אָנגעשריבן זײַן בִיאָגראַפֿיע.

— אִיך האָב געלייענט.

— אִיר וועט זִי אויסנוצן?

— געווִיס.

— און דעם בריִוו?

— אויך.

— אִין דעם בריִוו זײַנען דאָך פֿאַראַן בלויז טרוקענע פֿאַקטן, און אײַך קימערן דאָך דִי אִינערלעכע אִיבערלעבונגען... דִי פּסיכאָלאָגיע פֿון אײַערע העלדן...

— אִיך טראַכט, אַז יולִיסעס פּסיכאָלאָגיע אִיז פֿאַרקערפּערט אין טאַט. אִין האַנדלונג און דאָ אִין קורצן בריִוו אִיז פֿאַרשריבן דאָס סאַמע אִינטִימסטע און ווִיכטִיקסטע, מִיט וואָס יולִיס האָט געלעבט אִין יענעם רוישִיקן יאָר.

— נאָך וואָס זײַט איר צו מיר געקומען—האָט דער היסטפאַרט-פֿאָרשער אָפּגעשטעלט מײַנע רייר.

— איך וויל אײַך דערציילן וועגן יאַנקל אָס, וועגן איינעם פֿון די זעקס אומגעקומענע אין ראַט.

דער היסטפאַרט-פֿאָרשער פֿאַרגעסט, אַז ער פֿאַרמאָגט אַ שווערן, ניטבאַווּעגלעכן גוף, שפּרינגט אויף פֿון שטול. זײַנע פֿאַרבלאָזע אויגן צינדן זיך אָן מיט נײַגער:

— איר האָט ידיעות וועגן יאַנקל אָס? דאָקומענטן, בריוו. שוין צוויי יאָר, ווי איך וויל דערגיין, ווער ער איז געווען.

ער איז געווען אַ פּאָשעטער טרעגער. אין שטאָט האָט מען געקוקט אַף אים מיט ביטל, געהאַלטן אים פֿאַר אַ צעדרייטן... ער האָט איבערגעלייענט די גאַנצע שטאָט-ביבליאָטעק און אַרומגעטראָגן זיך מיט אַנאַרכיסטישע אידייען... קיין פֿאַקטישן מאַטעריאַל האָב איך ניט. איך ווייס נאָר אַ צעפלאָנטערטע מײַסע פֿון אַ צעפלאָנטערטן מענטשן. אויב איר האָט צײַט—הערט.

— ניין, פֿאַר מיר איז עס קיין סכוירע ניט,—האָט זיך דער היסטפאַרט-פֿאָרשער פֿאַ-באַנדערגעלאַכט מיט זײַן הייזעריקער שטים, און די אויגן זײַנען שוין ווידער געווען פֿאַרבלאָז...

מיר איז פּלוצים באַפֿאַלן אַ שטאַרקער פֿאַרלאַנג גיין, גיין ביז מידקײַט, ביז וויטיק אין די קנעכלען, ביז קאָפּשווינדלעניש.

אָפּט באַפֿאַלט מיך אַזאַ פֿאַרלאַנג, טרײַבט מיך אַרום שאָען-לאַנג אין גאַס-שפּאַלטן, אין פֿאַרוואָרפֿענע אומבאַקאַנטע פֿ אָ ר ש ט ע ט און ווינקלען.

ברודער, אַנטשולדיק מיר, וואָס איך פֿאַרנעם באַ דיר צײַט און דערצייל דיר פּריוואַטע מײַסעס, וואָס האָבן ניט קיין נאָענטן שײַכעס צו די געשעענישן אין ראַט, צו יולין, צו דער צווייטער באַגעגעניש מיט אַנאַ באָגדאַנאָוויטש. נאָר מיר איז שטאַרק שווער אַרײַנ-צאמען יענעם טאָג אין אָנגענומענעם נוסעך פֿון אַ בריוו.

אַ צעפלאָנטערטער טאָג איז עס געווען. איך בין שוין געווען טויט-מיד פֿון אַרומשלעפּן זיך אָן אַ ציל איבער מינסקער גאַסן, מערק, בולוואַרן.

צוויי מאָל בין איך שוין געווען אַפֿן וואָקזאַל, געקוקט ווי באַנען קומען אָן און באַנען גייען אַוועק, געשטאַנען אין עק פֿון אַ לאַנגער שורע מענטשן, געוואָלט נעמען אַ בילעט אַף מאָסקווע. אין דער לעצטער רעגע באַם קאַסע-פֿענצטערל איבערגעטראַכט—אַוועקגע-שפּאַנט מיט גיכע טריט צום בריק, צו קאָמאַראָווקער וועג, פּונקט ווי דאָרט וואָלט מיך געוואַרט זייער אַ וויכטיקער איניען.

און אינדערעמעסן האָט מיך דאָרט גאָרניט געוואַרט.

טיף אין הויף, פֿאַרשטעלט פֿון גאַס מיט געדיכטע קאַרשן-בוימער, שטייט אַ הילצערנע גרינע שטיבעלע. אָט דאָרט, באַ יענעם שטיבל האָב איך זי אַ צווייטן מאָל באַגעגנט.

אַ צופֿאַל? ניין. זי איז געפֿאָרן מיט אַ פֿאַעטאָן אַף איר זומער-ווױנונג און איך בין גע-זעסן אַף אַ בענקל און געטראַכט וועגן גרינעם הײַזל.

אַזאַ פּאָשעטע גרינע שטיבל און האָט צו דערציילן אַזויפֿיל זיכרוינעס...

אינעווייניק, פּאַזע די ווענט, שטייען רויטע אַלטמאָדישע פֿאָטעלן, באַצויגענע מיט ווײַסע צודעקן, בענקען אין שטילקײַט פֿון צימער נאָך אַ מענטשן. אָבער קיינער זיצט ניט אַף זיי. זעלטן ווען קומט אַהער אַ גרופּע אַרבעטער, אָדער סטודענטן. דאַן הילכן יונגע מונטערע שטימען באַ דער טיר פֿון גרינעם הײַזל. פֿון שכייניש צימער גייט אַרויס אַ זקיינע מיט אַ צעקנייטשטן פּאָנים און גלאַט-פֿאַרקעמטע האָר, זי שליסט ניט געײַלט אויף די טיר און הויבט אָן מאָנאָטאָן, און אַלעמען אַלציינס דערציילן:

— יע, כאַווייריס, אָט דאָ איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן... מ'האָט דאַן געוואַרט אַף איליטשן—איז ער ניט געקומען...

די אַלטיִנקע שטייט אין וויִנקל, דאָס פּאָניִם איז באַ איר עטוואָס אופֿגעלעבט און די קנייטשן שמייכלען. זי רעדט אָן אופֿהער, פּלאָנטערט נעמען, דאַטעס און יאָרן. נאָך איר רעכענונג קומט אויס, אַז איִנגאַנצן איז פֿאַרגאַנגען צוואַנציק יאָר זינט ס'איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר—ווײַל געווען איז זי דאַן פֿערציק יאָר און איצט איז איר זעכציק...

די עקסקורסאַנטן האָבן מוירע הויך לאַכן, ווײַל שטיל איז אין צימער און די אַלטיִנקע מיִטן צעקנייטשטן פּאָניִם האָט אַ שײַכעס צו די אַכט רויטע פֿאָטעלן, אַף וועלכע ס'זײַנען געזעסן די ערשטע בויער פֿון דער פּאַרטיי.

שוין איִנדרויסן, ווען די אַלטיִטשקע פֿאַרשפּאַרט ווידער דעם זויבערן צימער מיִטן גרויסן גרינעם טיִש׳ בלײַבן זיי שטיין פֿאַרוווּנדערטע און איִבעראַשטע, קוקן נאָך לאַנג אַפֿן גרינעם הײַזל, אַף די פּיִרקאַנטיִקע מיִרמל-ברעט מיִט די גאָלדענע אויסיִעס, אַפֿן ברייטן זאַמדיקן וועג, וואָס פּיִרט צו אַ קליין ווײַסרוסיִש שטעטל אָסטראָשיִצקי-האָראָדאָק, און גלויבן אַלץ ניִט, אַז זיי זײַנען געווען אָט ערשט איִן זעלבן צימער, וווּ מיִט דרײַסיק יאָר צוריִק איז געבוירן געוואָרן די רוסלענדיִשע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע...

עפּשער האָט מיִך צוגעצויגן די פּיִרקאַנטיקע מיִרמל-ברעט אַף דער גריִנער וואַנט, און עפּשער האָט מיִך מײַן מיִדקײַט ווײַטער ניִט געלאָזן גיין, צעוועקגעזעצט אַפֿן בענקל באַם זאַמדיִקן וועג.

אַנאַ האָט אָפּגעשטעלט דעם פֿאַעטאָן, זיִך פֿאַנאַנדערגעצאָלט מיִטן פֿורמאַן און מיִט גיִכע טריִט צוגעגאַנגען צו מײַן בענקל, גלײַך ווי זי וואָלט באַשטעלט מיִט מיִר אַ טרעפֿונג.

— גוט. וואָס איך האָב אײַך באַגעגנט, איך האָב זיך שפּעטער דערמאָנט, איר זײַט דאָך ליִבערטעס אַ ברודער! און יוליסן האָט איר דאָך אויך געקאָנט? וואַרס, און לודוויִגן?...

זי האָט די פֿראַגעס אַף מיִר געשאָטן גיך און אָן אופֿהער, ווי זי וואָלט זיי אַ גאַנצן טאָג אַפֿן צונג אַרומגעטראָגן און איִצט מיִט איין מאָל געוואָלט זיִך באַפֿרײַען פֿון זיי.

איך האָב גאָרניט געענטפֿערט. איך בין געווען שטאַרק מיד און מיִר איז אין דער רעגע געווען אַלציינס, צי זי וועטריידן, אָדער שווײַגן.

אַ ווײַלע זײַנען מיר געזעסן פֿרעמד און אָפּגערוקט, געקוקט ווי אַן אָוונטיִקע זון יאָגט נאָך די לעצטע פויערשע פֿורן, פֿאַרקײַקלט זיך אין שטויב, אין עק וועג.

אַנאַ האָט זיִך די ערשטע אופֿגעהויבן פֿון באַנק.

— קומט, איך ווין דאָ ניִט ווײַט, איִנגאַנצן אַ האַלבע שאָ גאַנג.

די באַטאָגיִקע היִץ האָט שוין געטליִעט מיִט לעצטע קויכעס, אויסגעגאַנגען פּאַמעלעך און שטיִל, פֿון ביידע זײַטן וועג האָבן זיך געצויגן עפּל-סעדער.

די אופֿגעבליִטע ביימער זײַנען אַריִבערגעהאַנגען איבער די ניִדעריקע פּערקנער מיִט פֿולע אָנגעגאָסענע עפּל, געוואָרפֿן שטיִקער שאָטן אַף דער זאַמדיִקער אָנגעגליִטער ערד. אַ פֿאַרגייענדיִקע זון האָט אָנגעצונדן דעם עק הימל אין גאָלדענע פֿײַערן—און אַזוי, ברע-נענדיק און ציִנדנדיק די היִלצערנע דעכער און ביימער, אָפּגעטראָכן אין נאַכט, איִן טונקלקײַט.

אַנאַ האָט געקוקט אַף די אייגענע טריט און אָנגעהויבן שטיל ריידן.

— איר פֿאַרשטייט, איך האָב צוויי ביִאָגראַפֿיעס: איינע איז פֿאַרשריִבן אין צענדליִקער אַנקעטעס, פּאַפּירן, גייט מיך נאָך פֿון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, פֿאָרט מיִט פֿון שטאָט צו שטאָט, און די צווייטע ליִגט פֿאַרשלאָסן אונטער צען שלעסער. אַלע מאָל, ווען עמיצער וויל אַהיִן אַרײַנקוקן, הויב איך זיך אָן בריִקעווען... איך האָב הײַנט אַסאַך וועגן דעם גע-טראַכט און בעקומען צום אויספֿיר, אַז ס'איז אַ נאַריִשקײַט.

— יע, אַ נאַריִשקײַט,—בין איך מאַסקים געווען און ווײַטער געשוויִגן.

ס'איז אָנגעפֿאַלן נאַכט. אַ שיִטער בעריאָזע-וועלדל איז אונדז בעגאַנגען אנטקעגן. זיך געריקט אַלץ נעענטער, נעענטער, אַ בוים—א מענטש, אַ צווײַג—אַ האַנט און אַלע ביימער איִנײנעם—אַ גרופּע סאָלדאַטן אין העלע קליידער.

אַנאַ האָט זיך פּלוצים פאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר, אַנאַ?

— איך האָב זיך דערמאָנט, אַז צו זיבן יאָר בין איך שוין געווען אַ מענטש מיט אַ פּראָפעסיע...

— איך פאַרשטיי אייַך ניט.

— באַלד וועט איר פאַרשטיין. דערציילן אייַך גענוי וועגן מייַנע קינדער-יאָרן—וועט פאַרנעמען צו פיל צייַט און איז ניט איבעריק אינטערעסאַנט. איך בין געבאָרן אין אַ פאַרוואָרפן פוילישׁ דערפל הינטער סעדלעץ. ביז זיבן יאָר האָב איך זיך, ווי אַלע פויערשע שיקסלעך, אומגעוואַלגערט אין זאַמד, באַם טייַך, געטריבן אַפן וויהאָן אונדזער אייַנציקע דאַרע בעהיימע, און פון זיבן יאָר האָב איך באַקומען אַ פּראָפעסיע—געוואָרן אַ כאַווערטע פון פאָרעצס טעכטערל...

זי איז געווען אַן אייַנגעשרומפּענע קאַפּריזנע מיידעלע און איך האָב באַ זיי אין שטוב געדינט פאַר אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע, ווי אַזוי אַ קינד דאַרף עסן, שפּילן, שלאָפן, לערנען זיך. פינף יאָר האָט עס געדויערט.

אַ שוידער כאַפּט מיך אַרום, ווען איך דערמאָן זיך אָן יענע „גליקלעכע" קינדער-יאָרן. איין מאָמענט פון יענעם פעריאָד וועל איך ביזן קייווער געדענקען. אַ באַל באַם פּאָרעץ. דער שלאָס איז באַלויכטן מיט זייער אַסאַך פייַערן. פון אַלע אַרומיקע הויפן זייַנען אָנגעפאָרן געסט. פון די אַלמערס האָט מען אַרויסגענומען דעם גאַנצן זילבערנעם געשיר. די טישן פינקלען פון קרישטאָלן און די דינער טראָגן זיך אַרום ווי די רוכעס פון זאַל אין קיך און צוריק. ווען דער אוילעם איז שוין גוט שיקערלעך און די אויסגעפּוצטע דאַמען הויבן אָן גענעצן פון לאַנגווייַל, טוט מען מיר אָן אין אַ העל-בלויע טיולענע קלייד, אַפן קאָפּ אַ קרוין פון גאָלדענעם פּאַפּיר, אין האַנט אַ הילצערנע שווערד אַרומגעוויקלט מיט זילבער-פּאַפּיר. די פייַערן לעשט מען אויס. איין אָנגעצונדענער לאָמפּ וואַרפט אַ שוואַכן שייַן אַף דער אימפּראָוויזירטער סצענע. איך דעקלאַמיר מיצקעוויטשן.

גיך פאַרגעס איך די רויטע שיקערע פּעניִמער פון די אַרומיקע פּריצים, אָן די אויסגעפּוצטע, צעפּאָרעטע דאַמעס. מייַן שטים ווערט פעסטער, פאַרהילכט דעם גרויסן טונקעלן זאַל.

הינטער דער אימפּראָוויזירטער סצענע שטייט דער פּאָרעץ, און איידער אין זאַל ווערט ליכטיק, פירט ער מיך אַוועק אין קינדער-צימער, פאַרזאָגט מיר שטרענג, איך זאָל ניט וואַגן זיך ווייַזן הייַנט צווישן די געסט.

איך האַלט ניט אויס, גאַנווע זיך אַרויס פון שטוב, קוק דורך די באַלויכטענע פענצטער אין זאַל.

דעם פּאָרעצס טעכטערל גייט אַרום צווישן די געסט, ווי אַ זיגערקע... מ'וואַרפט זי, ווי אַ פּילקע איינערלופטן, מע פּאַטשט איר בראַוואָ און אַלע באַוווּנדערן אירע פעיקייַטן. זי טראָגט אַף זיך פּונקט אַזאַ העל-בלויע טיולענע קלייד, אַ פּאַפּירענע קרוין אַפן קאָפּ, און די האָר זייַנען באַ איר אויך פאַרקעמט, ווי באַ מיר.

איצט פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז ניט געווען די גרעסטע באַליידיקונג פאַר די פינף יאָר, דער פּאָרעץ האָט פּאָשעט געוואָלט זיך באַרימען מיט זייַן טעמפּער טעכטערל... אָבער איך קאָן זיך ניט באַהערשן. אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך דאָס בילד, צינדט זיך אָן דאָס בלוט אין די אָדערן... נו, גענוג וועגן דעם, איר ווילט דאָך, איך זאָל אייַך דערציילן פון לודוויגן. צוליב דעם, אייגנטלעך, האָט איר דאָך מיך הייַנט אָפּגעשטעלט אין גאַס. צום באַדויערן, קאָן איך אייַך זייער ווייניק העלפן... איך ווייס, אַז נאָך מייַן אַוועקגיין מיטן אַטריאַד, האָט מען אין שטאָט גערעדט, אַז אין ווילנע לעבט מייַן מאַן. ס'איז עמעס! נאָר איין זאַך האָבן די דערציילער ניט געוווּסט—איך האָב אים קיינמאָל אין מייַנע אויגן ניט געזען. צען יאָר זייַנען מיר געווען כאַסענע געהאַט און קיין אייַנציק מאָל האָב איך אים אין פּאָנים ניט געזען. אייַך וווּנדערט עס? ס'איז אַ פּאָשעטע און קורצע מייַסע.

אי̤ן זי̤בעטן יאָר בי̤ן אי̤ך געזעסן אי̤ן וואַרשעווער טפּי̤סע. אי̤ן שכיינישן צי̤מער אי̤ז געזעסן לודוויג יאַניקאָווסקי. אַז מע רופט אים אַזוי, האָב אי̤ך זי̤ך דערוווסט דורך דער וואַנט. זײַן נאָמען אי̤ז מי̤ר געווען באַקאַנט. ער אי̤ז שוין דאַן געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן די̤ פּויערי̤ם פון סעדלי̤צער געגנט. ער האָט קאָנטי̤ק פאַרמאָגט שטאַרקע פי̤נגער. די̤ קלעפּ צו מי̤ר פלעגן קומען בוילעט און קלאָר. טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג האָבן מי̤רביידע גערעדט.

וועגן וואָס?

וועגן אונדזערע קי̤נדער־יאָרן, יוגנט... וועגן די̤ פּויערי̤שע אופשטאַנדן, מי̤ט וועלכע ער האָט אָנגעפי̤רט. און זייער אָפט האָט ער מיר דערציילט פאַנטאַסטי̤שע מײַסעס, וועלכע ער פלעגט פאַר מיר אויסטראַכטן לי̤גנדי̤ק אַף דער נאַרע. מי̤ר אי̤ז דאַן געווען נײַנצן יאָר. אי̤צט אי̤ז מי̤ר שווער גלאַט ריידן וועגן דער צוקונפט. אי̤צט אי̤ז עס ראַט, זי̤צונגען, קאַמפּאַניעס, פּלאַן. אָבער דאַן איז דער סאָציאַלי̤זם געווען נאָך פאַרהי̤לט אונטער אַסאַך נעפּלען, מײַלן ווײַט פון אונדז, און אי̤ך האָב געקאָנט שאָען־לאַנג מאָלן זי̤ך און אי̤ם בי̤לדער פון יענער ווײַטער צײַט. און עפּשער זײַנען שולדיק געווען מײַנע ניינצן יאָר און די̤ שלאָפלאָזע נעכט...

ווי̤ די̤ מײַסע זאָל ני̤ט זײַן — מי̤ר האָבן זי̤ך לי̤ב באַקומען. נאָך צוויי וואָכן האָרעוואַניע האָבן מיר דורכגעקבערט די̤ וואַנט אונטער מײַן נאַרע. אי̤ך געדענק ווי̤ אי̤צט:

עטלעכע שאָ זײַנען מיר אָפּגעלעגן אויסגעצויגענע פון ביידע זייטן וואַנט און אַרײַנגערעדט אי̤ן פי̤נצטערער שמאָלער לאָך. ווען ווערטער האָבן שוין ני̤ט געקאָנט שטי̤לן די̤ אופגעקאָכטע בלוט - האָבן מי̤ר מי̤ט גרויס מאַטערני̤ש דורכגערוקט די̤ הענט און אונדזער גאַנצע לי̤בע און בענקשאַפט אי̤ן די וואַרעמע פי̤נגער פאַרדריקט. מי̤ר זײַנען געוואָרן ווי̤לד פון פרייד, גענומען הויך קלאַפּן אי̤ן די̤ שכייני̤שע ווענט.

די̤ טפּי̤סע האָט געשטומט. לאַנג זי̤ך צוגעהערט צום הי̤צי̤קן פי̤נגער־פּלאָנטער אַף זי̤ ווענט, צום סאָף פאַרשטאַנען, אַז לודווי̤ג יאַנ.קאווסקי̤ און אנא באַנדאַנאַווי̤טש האָבן אי̤ן טפּי̤סע כאַסענע געהאַט.

צי̤גלנע ווענט פון דער וואַרשעווער טפּי̤סע זײַנען צו אַזוינע יעדי̤עס ני̤ט געוווינט געווען.

די̤ די̤קע ווענט האָבן לאַנג אונדזערע צעפּלאָנטערטע קלעפּ אי̤ן זי̤ך געהאַלטן און צום סאָף אויסגעפּלאַצט אַ געלעכטער. יע, די̤ ווענט האָבן געלאַכט... אַזוי האָט אונדז זי̤ך אויסגעדאַכט. מי̤ר זײַנען געשטאַנען מי̤ט אויערן צוגעפאַלן צו די̤ ווענט און אופגענומען באַגריסונגען. קאַמער נאָך קאַמער, עטאַזש נאָך עטאַזש זײַנען זיי געקומען. אי̤ן צוועלפטן קאַמער אי̤ז געזעסן מײַנע אַ נאָענטע כאַווערטע — לייע פעלדמאַן. זי̤ אי̤ז געווען אַ בלאָנדע, האַרצי̤קע מיידל און געוווסט, אַז אי̤ך האָב שטאַרק לי̤ב בלומען. אי̤ר באַגרי̤סונג אי̤ז געווען אַזאַ:

„אי̤ך שי̤ק דיר אַ גאַנצע קאָרב בלומען און קוש די̤ך און לודווי̤גן שטאַרק, שטאַרק“...

וואָס אי̤ז ווײַטער געווען? אי̤ן אַ כוידעש אַרום אי̤ז לודווי̤ג אַנטלאָפן פון טפּי̤סע, אַרי̤בער די̤ גרענעץ און געוואָרן אַ פּאָלי̤טי̤שער עמי̤גראַנט, און אי̤ך בי̤ן אַוועק אי̤ן פאַרשי̤קונג.

אנא האָט אופגעהערט ריידן.

אַ שווערער קנויל האָט זי̤ געוואָרגן אי̤ן האַלדז. זי̤ האָט זי̤ך באַמיט די̤ שווערקײַט אַראָפּשלי̤נגען און אויסגעדרייט דעם קאָפּ אָן א זײַט:

— מער האָב אי̤ך אײַך ניט וואָס צו דערציילן. בי̤ז דער מי̤לכאָמע האָב אי̤ך פון אי̤ם באַקומען ברי̤וו. בײַ אונדז אי̤ז שוין געווען פאַרטי̤ק אַ פּלאַן: אי̤ך האָב געדאַרפט אַנטלויפן אי̤ן אָמסק. אי̤ן אָמסק האָט ער געדאַרפט אַף מי̤ר וואַרטן מי̤ט אַ פּאַס און קליידער... די̤ מי̤לכאָמע האָט דעם פּלאַן צעשטערט און ערשט אי̤ן אַכצנטן יאָר האָב אי̤ך זי̤ך דערוווסט, אַז לודווי̤ג אי̤ז אי̤ן ווי̤לנע...

וואָס ווײַטער האָט פּאַסי̤רט — ווייסט אי̤ר דאָך...

זי האָט מיר האַסטיק דערלאַנגט די האַנט, זיך ווינקלדיק אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן און פֿאַרשווּנדן הינטער דער טיר פֿון איר זומער-וווינונג..

איך בין געגאַנגען אַהיים. אפֿן קאָפּ האָט געמוזט ליגן אַ הימל מיט אַ גרויסער לעוואָנע, ווייל דער וועג אונטער מײַנע פֿיס איז געווען טאָגיק-העל. איך האָב דעם הימל ניט געזען. פֿון אַלע ווינקלען און הײַזער האָט אַף מיר געקוקט דער אַכצנטער יאָר און מײַן ערשטע באַגעגעניש מיט אַנען אין וואָיענקאָמאַט.

דו געדענקסט מינסק אין יענעם יאָר.

גאַס-מיטינגען, פֿאַרזאַמלונגען, רעזאָליוציעס, צוריק-געקומענע קריגס-געפֿאַנגענע, רעטע-לעך פֿון פֿאַרשיידענע פֿאָלקן, דיוויזיעס ארמייען, פּוילישע, רוסישע, דײַטשישע באַנדעס הינטער דער שטאָט, הונגער, קעלט, לידער, פֿאַראַטן, אַרעסטן אין שכאָט און איבערן גאַנצן אויסמיש פֿון מענטשן, אווטאָמאָבילן, לידער און אַנשטאַלטן—אַ לאָזונג:

זאָל לעבן די ליטוויש-ווײַסרוסישע ראַטנרעפּובליק!

און נאָך איינער:

— אַף ווילנע!

אַנאַ באַגדאַנאָוויטש איז דאַן געקומען פֿון פּיטער, געקומען אין אַ גראָבן געוואַטעוועם שינעל אָנגעטאָן, פּיס אין לײַוונטענע וויקלשניר פֿאַרוויקלט, אַף פּיס געלע ברייטע עיך מיט אײַזערנע טשוועקעס אונטערגעקלאַפּט.

אין מינסק, אַף איינער אַ גאַס איז געשטאַנען אַ נידעריקער מויער מיט אָפּגעקראָכענע ווענט און אויסגעזעצטע שויבן.

אין מויער:

אַ הילצערנע באַנק מיט אַן אָפּגעבראָכענער פּאָרענטשע. אַ ווייכע סאַמעטענע סאָפֿע—אַן אויסגעזעסענע. אפֿן טיש אַ שוואַרץ טעלעפֿאָן-רערל, אין וואַנט אַ שוואַרצע טעלעפֿאָן-רערל, העכער פֿון טעלעפֿאָן-רערל איז געהאַנגען אַ בילד פֿון דער הייליקער מאַדאָנע, און נאָך העכער—קאַרל מאַרקס מיט אַ פֿאַריסענער נאָז און שמאָל-פֿאַרשאָרן בערדל.

ליוטיק—אַ פּוילישער דאָרף-יינגל האָט ניט געוווּסט ווער קאַרל מאַרקס איז, דערפֿאַר האָט ער אים אַ נאָז פֿאַריסן אַרוף, אַ באַרד אויסגעמאָלט שמאָל-פֿאַרשאָרן ווי בײַ פּויערים בײַ אים אין דאָרף... גערופֿן האָט ער אים „קאַרל מאַרק".

געשטאַנען דורך נאַכט בײַ דער טיר פֿון אָפּגעקראָכענעם מויער. יעדער דורכגייער לאָזט אַ פּירקאַנטיק צעטל מיט אַ נומער. דעם צעטל שטעכט ליוטיק אַרוף אפֿן שפּיז פֿון ביקס. אָן אַ צעטל לאָזט ליוטיק קיינעם ניט דורך—אַזוי האָט די כאַווערטע באַגדאַנאָוויטש פֿאַרזאָגט.

און אַנאַ איז ניט באַמערקט צוגעוואָקסן צו דער וואַנט, צום טעלעפֿאָן-רערל, צו דער הילצערנער באַנק מיט דער אָפּגעבראָכענער פּאָרענטשע.

— 5-55.

— איך הער.

— ווער?

— באַגדאַנאָוויטש.

— ... צענטראַל-ראַט פֿון די פּראָפֿאַריינען האָט מאָביליזירט 10% מיטגלידער.

— 5-55.

— וואָיענקאָמאַט.

אַנאַ שרײַבט:

... אין סמאָלענסק האָט זיך פֿאָרמירט אַ רויטגוואַרדעישע גרופּע אונטער דער אָנפֿי-רונג פֿון פּיאָטר לאָפּאַטיעוו.

שרײַען אין פֿאַרעגנטן דרויסן נאַסע דראָטן פֿון הינטערשטאָטישע סלופּעס.

— 5-55... וואָ...יענ...קאָ...מאַט.

אַ שוואַרצקײט האָט אַ וואָלקן-כמאַרע אויסגעטראָגן, אָפּגעגאַנגען מיט אַ גוס-רעגן. נאַקעטע דראָטן האָבן איין קעלט, אין נאַסקײט אַ טעלעפאָן-נומער געטרייסלט, אומגע-שלעפּט אים פֿון פֿאַרצעלײַ-קעפּל. אַ נומער געיויקלט אַרום הויכע סלופּעס, ווידער אונטער וואַסערגיסן, דורך לעצטער האַרבסטיקער ברודיקײט געקלונגען:

—2-07, כאַווער וואַרייקוס.

— 3-35, כאַווער דאַוקשע.

— 1-17 כאַווער דימענט.

אין שוואַרצן רערל, אין טעלעפאָן אַרײַנגעשריען:

— הײַנט צוועלף בײַנאַכט אַ זיצונג.

אויפן טאָג-סיידער:

די מיליטערישע לאַגע פֿון ליטוויש-ווײַסרוסישער ראַטנרעפּובליק.

באַריכט פֿון מיליטער-קאָמיסאַר זשוקאָוו.

אינפֿאָרמאַציע פֿון סעקרעטאַר באָגדאַנאָוויטש.

די פּאדלאָגע פֿון וואָיענקאָמאַט איז גאָר אַמאָל געווען אויסגעפֿאַרבט רויט.

פֿון שווערע שטיוול מיט אײַזערנע טשוועקעס איז דאָס פֿאַרב אָפּגעקראָכן, אַ פּאָדלאָגע געלאָזן ליגן אין טונקעלע פֿלעקן צעמישט מיט בעיגלעך דרויסיקן קויט.

אין די ווינקלען פֿון פּוסטן זאַל, בײַ טישלעך מיט שרײַב-מאַשינקעס, זײַנען געלעגן עטלעכע רויטגוואַרדייער פֿון ווילנער אָטריאַד.

די ייִנגלעך האָבן שוין פֿון לאַנג, פֿון אָוונט אָן געוואַרט אויף אַ באַשטימונג, דערווײַל געריײניקט די קורצע יאַפּאַנישע ביקסן.

אַנאַ איז געזעסן אויף דער הילצערנער באַנק, דעם גרויען קאָפּ האָר אַרײַנגעגראָבן אין אַ פּעקל פּאַפּירן און גיך געשריבן.

אַלעמאָל, ווען דער טעלעפאָן פֿלעגט אַרײַנקוויטשען אַהער אין פּוסטן זאַל, האָט אַנאַ אָפּגעריסן איר גרויען קאָפּ פֿון די פּאַפּירן, אַ צײַט ניט געוווּסט, פֿון צעטראָגנקײט, וועלכע זײַט פֿון טעלעפאָן-רערל דאַרף קומען צום אויער און וועלכע צום מויל דערלאַנגען.

אויף דער בײַנאַכטיקער זיצונג האָט זי פֿאַרבויגן אַלע פֿינף פֿינגער פֿון איר לאַנגער האַנט, בײַ יעדן מאָל פֿאַרבויגן געפֿאָדערט:

— איך גיי אין דרײַ טעג אַרום אַוועק מיטן אָטריאַד אויף ווילנע.

די גראָבע ביכער און די פּעק רעגיסטראַציעס וועגן דער פֿרײַוויליקער מאָביליזאַציע זאָל מען ווי אַרויסוואַרפֿן אָדער פֿאַרברענען. זאָל ווערן דערקלערט אַ צוואַנג-מאָביליזאַציע און די מאָביליזירטע זאָלן זיך שטענדיק געפֿינען אין די שטאָט-קאַזאַרמעס. פֿאַר אַ קאָמאַנ-דיר פֿון פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, וואָס גייט אויף ווילנע, זאָל מען באַשטימען דעם כאַווער זאמקע סייקל.

די בײַנאַכטיקע זיצונג האָט פֿון אַלע אירע פֿאָדערונגען אָנגענומען נאָר צוויי—די ערשטע און פֿינפֿטע.

אַ גאַנצע נאַכט איז אַנאַ אָפּגעזעסן געבויגן אויף די פּעק פּאַפּירן, אונטערגעפֿירט אַ לעצטן סאַכאַקל אונטער צוויי כאַדאָשים אַרבעט אין וואָיענקאָמאַט.

פֿאַרטאָג איז זי אַוועק אין די קאַזאַרמעס צום אָטריאַד און מער האָט מען זי אין וואָיענקאָמאַט ניט געזען.

דרײַ טעג און צוויי נעכט האָט זי פֿון אַלע אנשטאַלטן, לאַגערס און קראָמען געשלעפּט שפּײַז, קליידער און געווער פֿאַרן אָטריאַד. דער אָטריאַד איז געוואָרן איר ליידנשאַפֿט איר האָדוליק.

נאָך איר אַוועקגיין אויף ווילנע זײַנען אין שטאָט צווישן די פּאַרטיי-כאַוויירים אומגע-גאַנגען מײַסעס און לעגענדעס.

ווער ס'האָט געזאָגט, אַז אין ווילנע געפינט זיך איר פאַמיליע, אַ מאַן מיט צוויי קינדער. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז אַנאַ האָט געהאַט אַ געהיימע אויפגאַבע פון צ. ק. זיך דורכרײַסן אין ווילנע, פון דאָרט אַוועקגיין אַף וואַרשע...

אַנאַ באָגדאַנאָוויטש האָט אָבער קיין נאָענטע פרײַנט אין מינסק ניט געלאָזן. אַנאַ האָט איבערגעלאָזן אין מינסק בלויז אַן אַנקעטע, אין וועלכער ס'איז געווען פאַרשריבן:

געבוירן אין 1887.

פון 1905—1907 געהערט צו דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

פון 1907 אין דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי.

אַ יאָר געזעסן אין דער וואַרשעווער טפ״סע. צען יאָר אין פאַרשיקונג.

וועגן איר פאַרגאַנגענהײַט האָט אַנאַ זייער פּײַנט געהאַט ריידן.

אַפן ערשטן שטאָטישן מיטינג האָט איר דער פאָרזיצער פאָרגעשטעלט:

„אַ וואָרט באַקומט באָגדאַנאָוויטש—אַן אַלטער באָלשעוויק און קאַטאָרזשאַן“.

אַנאַ איז מיט גיכע טריט צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דער הילצערנער בינע, אויסגעוואָרט רויק ביז דער פילקעפּיקער אוילעם האָט אויפגעהערט פּאַטשן אין די דלאָניעס און פריילעך דערקלערט:

— איך פאַרשטיי ניט, כאַווײרים, פאַרוואָס דער פאָרזיצער פּראָקלאַמירט אַזוי מײַן קאַטאָרגע... אין קאַטאָרגע זיצט מען אָפּט ניט פאַר העלדישקײַט, נאָר פאַר נאַרישזײַן. איך בין יונג געווען און ניט געוווסט זיך ווי צו היטן, בין איך אַרײַנגעפאַלן און געזעסן. אַסאַך אַ גרעסערע העלדישקײַט איז אָפּאַרבעטן עטלעכע יאָר און אויסשטעלן דער זשאַנדאַרמעריע אַ פײַג... אויסשטעלן עס ווי מײַנעם אַ פּערזענלעכן פאַרדינסט איז ניטאָ וואָס...

אָט אַזאַ—אַ הויכע, שמאָלפּלייציקע פרוי מיט טונקעלע ברענענדיקע אויגן, אַ קאָפּ גרויע געשאָרענע האָר און צוויי רייען ווײַסע שמייכלדיקע ציין—אַזאַ האָב איך זי פאַרגעדענקט אין יענעם רוישיקן אַכצנטן יאָר...

ברודער, איך מוז איצט זײַן שטאַרק מיד און אויפגערעגט. אין אַזעלכע מינוטן רייד איך צופיל וועגן זיך און מײַנע אייגענע שטימונגען, און מײַן טיפסטער פאַרלאַנג איז דאָך רויק דערציילן פון יענעם רוישיקן, העראָישן יאָר, אַרויסרופן אין זיקאָרן אַלע געשטאַלטן און זעונגען, וואָס האָבן אַ נאָענטע שײַכעס צו יוליסן און זײַנע כאַווײרים.

דעם פערטן יאַנוואַר ווערט צען יאָר זינט יוליס, לודוויג, סטאַניסלאַוו, יאַנקל, כײַימקע האָבן איבערגעריסן אַף פיר שאָ זייער אַרבעט אין ווילנער ראַט.

אין טאָג פון פינפטן נאָיאַבר וועט מינאַסטאַם אַף ווילנער גאַסן פאַלן אַ קלאָרער ערשטער שניי... פוילישע לעגיאָנערן וועלן מיט שווערע שטיוול דעם ערשטן שניי צעטרעטן, מאַכן אים ברודיק-שוואַרץ...

און איך וועל מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ, מיט יונגע הענט דעם ברוך פון שניי אַראָפּנעמען, זוכן מיט ברייטצעעֿגטע אויגן די אָפּגעמעקטע טריט פון זעקס קאָמונאַרן—וועמענס נעמען און מײַסים ס'איז קורץ פאַרשריבן אין די ביכער פון היסטפּאַרט.

מ. כאַשטשעוואַצקי.

# לידער.

1

אָט אַזוי—
מיט די אייגענע הענט,
מיט דער ברוסט,
מיטן גוף,
מיט די אַקסל,—
שלעפּן לאַסטן אַף שטײַגנדיקע ווענט,
אַז די ווענט אונטער די הענט זאָלן וואַקסן.

אָט אַזוי—
אין געיעג,
אין געטרײַב,
ביז דער מידקײַט דער זיסער פֿון לײַב,
ביז געדראָלענער האַרטקײַט פֿון פֿינגער;
אַז אַליין
זאָל זיך זינגען די ליד,
אַז ס'זאָל שמעקן מיט צעמענט און בליט
יעדע ליד, וואָס מיר וועלן נאָר זינגען.

2

יעדער טאָג,
אונדזער יעדער טאָג—
אים מיט שאָצן מיט געווײנטלעכע ניט מעסטן.
יעדער טאָג איז דאָך אַן אָנזאָג,
איז אַ נײַער זאָג,
יעדער טאָג איז דאָך אַ האַמער-שלאָג,
איז אַ האַמער-שלאָג אַ שווערער, אַ געפּרעסטער.

יעדער טאָג,
אונדזער יעדער טאָג
ניט געפֿינען אים קײַן גלײַכן צווישן צײַטן.

יעדער טאָג איז דאָך אַ בײַטראָג,
איז אַ נײַער טראָג,
יעדער טאָג איז דאָך אַ וועט-געיאָג,
איז אַ וועט-געיאָג אין אויפֿגעפּראַלטע ווײַטן.

איז אַהער!
אין גאַנג פֿון טעג!
אין מיט!
איז אין בונד מיט האַמערדיקע טאַקטן.
איז באַנאַנד מיט יאָגנדיקע טריט
זאָל צעזינגען זיך צעהילכן אונדזער ליד.
אונדזער נײַע,
אונדזער האָפֿערדיק-געוואַגטע.

אַז אין יעדן טאָג, —
אין יעדן שפּעט און פֿרי,
אַז אין שטאָל,
אין שטיין,
בעטאָן-געוועלבן, —
זאָל אויך אונדזער זינגענדיקע מי,
אונדזער ליד,
ווי אָטעם זיך פֿאַרוועבן.

3

איך לעב מיט דער לייד און דער פֿרייד פֿון מײַן דאָר,
פֿון מעכטיקן פֿעלז נאָר אַ זעמדל אַ קלײנינקס,
אָן אים בין איך גאָרניט, מיט אים בין איך גאָר,
און דאָס איז ניט קאַרג מיר, און דאָס איז ניט ווייניק.

איך בין דאָ אומעטום מיט מײַן בלוט, מיט מײַן מאַרך,
אומעטום בין איך דאָ מיט מײַן וואָרט מײַן געפֿליגלטס.
אַף צו שטיין מיטן זעלנער באַנאַנד אַף דער וואַך,
מיטן בויער צו שלעפּן אינײנעם די ציגל.

ס'איז זיס מיר אַף אַקסלען צו טראָגן דעם אָל
פֿאַר וווקס פֿון קאָלווירטן און צאָל בריגאַדירן,
פֿאַר נאַפֿט און פֿאַר שטײנקויל, פֿאַר אײַזן און שטאָל,
פֿאַר פֿינפֿיאָר, וואָס זאָל נאָר געדויערן פֿיר יאָר.

און כ'פֿיל זיך באַנוגנט און פֿיל זיך באַגליקט
און גרייט כ'בין די לירער די שענסטע צו שענקען,
נאָר רויך פֿון פֿאַבריק זאָל ניט בלײַבן פֿאַרשטיקט,
נאָר רויש פֿון מאָטאָר זאָל ניט אויפֿהערן שווענקען.

און ווען עס וועט קאַרג זײַן מײַן וואָרט און מײַן רוף,
ווען ס'וועט זיך דער שלאַכט שוין דער לעצטער צעזידן,—
כ'וועל וואַרפֿן אין שלאַכטן מײַן אייגענעם גוף,
ווי כ'וואַרף דאָ אַצינד מײַנע מונטערע לידער.

4

איז ווידער פֿון אָנהויב, איז ווידער פֿון אַלעף,
האַרץ מײַנס, מיט ליד ניטגעזונגענער קוואַל אויף.
נעכטיקע ווערטער, ווי נעכטיקע טעג
פֿון האַרצן פֿאַרגעסן, פֿון האַרצן פֿאַרמעקט.

אַף דעם, וואָס געווען איז און וואָס ס'איז געשטאָרבן,
מיר וועלן ניט קלאָגן, מיר וועלן ניט זאָרגן.
בלויז דער, וואָס פֿאַר אים איז דער מאָרגן פֿאַרשטעלט,
דער קלאָגט און באַקלאָגט זײַן פֿאַרגאַנגענע וועלט.

און מיר זײַנען יונג נאָך, און שטײַף נאָך, און מונטער,
פֿאַר אונדז ליגן וועגן צעעפֿנט באַזונטע,
און פֿוס איז נאָך קרעפֿטיק און טראָט איז נאָך שטאַרק
אַף שפּאַרן באַנײַס פֿון אַ באַרג אַף אַ באַרג.

און וועלן מיר איינער, אַ צווייטער אַ פֿאַל טאָן
זאָל קיינער דעם גאַנג צוליב אונדז ניט פֿאַרהאַלטן.
ביז אָטעם ביז לעצטן, ביז האַרצס לעצטן שטויס,
ביזן כריפּ ביזן לעצטן מירן רופֿן—פֿאָרויס!..

5

## צו דער „מוזע“.

מיר וועלן אַדורכגיין מיט דיר אומבאַמערקטע,
מײַן מוזע מײַן טרײַע, מײַן מוזע פֿאַרקלערטע.
אַף וועלטן אַף גרויסע מיר וועלן ניט שעמען,
עס וועט זיך מיט אונדז די קריטיק ניט פֿאַרנעמען,
און קיינער געוויס וועט באַזונדערס ניט גאַפֿן
פֿון זעלטענע גראַמען און קונציקע טראַפֿן.

פֿאַרלאָרן אין רוישיקע מענגעס פֿון מענטשן
וועט קיינער ניט לויבן אונדז, קיינער ניט בענטשן,
פֿון גאַנצן אַרומיקן שטימען-געווימל
באַזונדערס ניט אויסטיילן אונדזערע שטימען,
און אַף צוקונפֿט-געבײַדעס, אַף ברייטע פֿראָנטאָנען
וועט קיינער ניט קריצן מיט גאָלד אונדזער נאָמען.

מיִר וועלן ניִט בעטן, מיִר וועלן ניִט מאָנען—
מיִר זיַינען פוּן די, וואָס מע ציילט מיִליאָנען.
מיִר זיַינען פון יענע אומצאָליִקע שעפער,
וואָס שאַפן און בויען די שטעט און די דערפער,
וואָס קנעטן די ליימען און מיִשן דעם צעמענט.

איִז ווער-זשע קאָן וויִסן פוּן זייערע נעמען?
צי קריִצט דען אַף ציִגל זיַין נאָמען דער בויער,
פאַרשריַיבט דען זיַין נאָמען אַף ליַינען דער פויער,
אַף באָרטן פוּן שיִפן, אַף לאָקאָמאָטיִוון
זיַינען דען נעמען פון שמיִדן פאַרשריִבן?..

נ. אויסלענדער.

# שאלאקושע.

(פֿון בוך: אַף לאַרעמירער וועג).

1

אָט אַזוי האָבן מיר פֿאַרלאָרן דעם ייִנגסטן צווישן אונדז, אונדזער הייַזיקן כאַוועריל וואָווע גאַבינסקי.

מער ניט ווי איינער אַזאַ איז געווען בײַ אונדז אין פּאָלק יענע צײַטן. בײַ וואָווען האָבן ערשט ניט לאַנג זיך באַוויזן העלע, געלבלעכע וואָנסן, מ׳האָט מיטאַמאָל דערזען. ווי אַף זײַן שמאָלער אויבערשטער ליפּ לייגט זיך אַוועק אַ פּאַסיקל גאָלד, פֿריש צעפּלאָסענער. שטראַליקער גאָלד,—און נאָך האָט מען געזען, אַז וואָווע האָט געמוזט איטלעכן טאָג זיך פֿאַרקעמען זײַן גלאַטע קאָפּ בלאָנדע האָר. מיר האָבן זיך דאָך געווייקט דעמאָלט אין די זומפּן פֿון אַרכאַנגעלסקער מעדינע און אָט האָט זיך באַוויזן בײַ אונדז אַזאַ העלע, אַכצניאָריקע קאָפּ, איינע אַזאַ קאָפּ אַף אַזאַ קייטיק פֿאַרלעגערטן פֿראָנט... מיר האָבן אים אַוואַדע געהיט, אונדזער הייציקן כאַווערל וואָווע.

נאָר ס׳איז געווען דערבײַ איינער בײַ אונדז אין ביוראָ—מ׳האָט אים גערופֿן ליפּסקי און מ׳האָט געוווּסט, אַז ער איז פֿון איין שטאָט מיט וואָווען—האָט ער ניט געוואָלט לײַדן ווי מיר באַגייען זיך מיט אַ ייִנגערן כאַווער און ער האָט אַפֿילע געפּרוּווט אויסלאַכן וואָווען בײַ אונדז אין ביוראָ. ווען מען האָט דאָס דען געאַרט, וואָס אונדזער וואָווע האָט געהאַט אַזאַ געווינשאַפֿט: אָט ווי נאָר ער דאַרף אין ביוראָ עפּעס זאָגן, פֿאַרגלוסט זיך אים אַלע מאָל אַ טאָפּ טאָן מיט צוויי פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט זײַנע העלע, געלבלעכע וואָנסן, ער טוט אַ פּאָר מאָל אַ שויבער די בלאָנדע הערעלעך אַף זײַן אויבערשטער ליפּ און אין דערזעלבער רעגע זעען מיר אַלע, ווי עפּעס טוט אַ לויכט אין זײַנע פֿאַרטונקלטע, גרויסע שוואַרצאַפּלען, אָט פּונקט ווי ס׳וואָלט פֿון ערגעצוווּ אַרײַנפֿאַלן אַהין אַ פֿאַרשײַטער, גלייענדיקער פֿונק... נו, האָבן מיר דאָך דערפֿאַר טאַקע ליב געהאַט וואָווען...

נאָר ליפּסקי האָט אַפֿילע דאָס ניט געוואָלט פֿאַרלײַדן.

— בײַ וואָווען אין די אויגן,—האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן בײַ אונדז אין ביוראָ דער שטעכיקער ליפּסקי,—צינדט מען אָן אַלע טאָג אילוּמינאַציעס. ס׳איז שטענדיק יאָנטעוו...

מיר האָבן זיך דעמלט אין ביוראָ אַלע צעלאַכט און וואָווע האָט, אַפּאָנים, געפֿילט זיך שטאַרק שולדיק. ער איז אַלעמאָל גרייט געווען נעמען אַף זיך מער שולד, ווי ס׳איז אים געקומען. פֿלעגן מיר אַמאָל לאַכן פֿון אים. נאָר יענק מאָל, ווען מיר זײַנען געפֿאָרן צו סטאַנציע שאלאקושע, איז ער בעעמעס געווען שולדיק—און נאָך ווי!..

מיר זײַנען געפֿאָרן אין באַן, מיר האָבן זיך געשניטן מיט אַ שווערן מאַסע-צוג איבער דער הוילער אַרכאַנגעלסקער מעדינע און פּלוצים האָט וואָווע געמאַכט אַ ברודער אין וואַגאָן.

— הער אויף, וואָווע,—האָט שטיל געזאָגט צו אים ליפּסקי,—דו פֿאַרגעסט, ווער דו ביסט און צי פּאַסט דיר דאָ שרײַען...

און אַ צווייטן מאָל האָט געמוזט זאָגן אויך דער קאָמיסאַר, קאַליטא, וואָס איז געפאָרן מיט אונדז:

— גאַבינסקי, דו פאַרגעסט, אַז דאָס גאַנצע ביוראָ איז אָטאָ דאָ אין וואַגאָן... אַז מע וועט דאַרפן אַ באַשלוס וועגן דיר—וועט עס ווערן באַשאַפן אין איין מינוט...

און מ'האָט געזען אין אונדזער דיקן קאָמיסאַר, אַז ער מיינט דאָס ערנסט.

מיר פאָרן אינפירן—דאָס גאַנצע ביוראָ פון אונדזער פאָלק. דער צוג ציט דורך דער הוילער אַרכאַנגעלסקער מעדינע, ער ציט פון דאָרטן, ווו מיר זיינען נאָרוואָס געווען—ס'איז דאָרט דער שטאַב פון דער דיוויזיע—און דאָרטן האָט מען באַפוילן, אַז אונדזער צוג דאַרף זיך איילן. ס'ווייסן דאָך אַלע: אָט נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, און דער האַרבסט וועט אַריבערדעקן דעם גאַנצן געגנט מיט כמאַריקע נעפלען, ס'וועט אַ פלייץ טאָן פון אַלע אַרומיקע זומפן—ניט צו גיין, ניט צו פאָרן—און ביז דעמאָלט מוז נאָך אונדזער פאָלק אַ ריר טאָן פון אָרט, ער מוז אַרויס פון דער זומפיקער גרוב, ווו ס'קאָן אונדז אַלעמען באַגראָבן דער האַרבסט. איילט דער צוג, ווייל ס'איז דער לעצטער מאַסע-צוג—ער פירט דאָס לעצטע. וואָס איז נאָך נויטיק, איידער דער פאָלק וועט אַ ריר טאָן זיך פון אָרט—און איין קליין וואַגאַנדל פאַר סטאַם פאַסאַזשירן גייט אויך נאָך דערביי.

פאַרוואָס האָט זיך עס וואָווע פלוצים גענומען אַרומקוקן אַף דעם פרעמדן אוילעם. וואָס האָט זיך געדיכט באַזעצט אין אונדזער קליינעם וואַגאָן? דאָס זיינען דאָך אַלץ פרעמדע מענטשן, זיי האָבן זיך צערעדט איבערן גאַנצן וואַגאָן, מ'זעט, ס'טוט זיי האַנאָע, וואָס זיי האָבן זיך דערוואַרט אַף אַ צוג—אַ צוג מיט בענק, מיט גאַנצע שויבן דערצו—פאַרוואָס-זשע מוז עס וואָווע זיך אָנעמען פאַר אָט די פרעמדע לייט, וואָס האָבן היינט אַזוי האַנאָע פון זייער פאָרן?..

אָט זעט מען, ווי וואָווע רעדט עפּעס איין אונדזער דיקן קאָמיסאַר קאַליטא, וואָווע טייט מיט אַ פינגער אין איינעם אַ ווינקל פונעם וואַגאָן, עפּעס רופט ער אַהין דעם קאָמיסאַר און מ'הערט, ווי וואָווע הויבט זיך שוין אָן היצן. ניין, זאָגט וואָווע, ווער ס'ווייסט דעם „אוסטאַוו“, וואָלט אַזאַ זאַך ניט דערלאָזן קיינמאָל, וואָרעם אַן „אוסטאַוו“ ווערט געשריבן פאַר אַלעמען גלייך, און דאָרט שטייט, אַז אין אַ פאַסאַזשיר-וואַגאָן טאָר מען ניט פירן קיין דינאַמיט...

— מאַכט אַ סאָף צו די רייד—שלאָגט אים איבער דער ברויגעזער ליפּסקי—ס'איז שוין צייט, אַז אונדזער פאָליטרוק גאַבינסקי זאָל אויפהערן ציטערן אַזוי פאַר זיין לעבן...

נאָר וואָווען אַרט ניט. וואָס ער הערט היינט אַזעלכע רייד.

— כ' אַבע,—ענטפערט אָפּ מיט היץ וואָווע גאַבינסקי,—איר האָט, אַפּאָנים, פאַרגעסן, וואָס ס'שטייט אין „אוסטאַוו“...

„כ' אַבע“—דאָס איז אונדזער אַלעמענס ליפּסקי. שוין דעם דריטן כוידעש, ווי ער געפינט זיך אין ביוראָ פון אונדזער פאָלק, און אַלע קאָנען מיר אים גוט, נאָר וואָווע קאָן אים, אַפּאָנים. נאָך מער, זיי זיינען ביידע געקומען פון איין שטאָט, און פון דאָרטן האָט עס וואָווע פאַרגעדענקט דעם נאָמען: „כ' אַבע“. זעט מען, ווי דער כ' אַבע גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ער האַלט, ווייזט אויס, אַז דאָס זיינען אַלץ אַרויסגעוואָרפענע רייד, און ער שטעלט זיך אַוועק קוקן אין פענצטער אַריין. און וואָווע האָט נאָך אַלץ צו טאָן מיט אונדזער קאָמיסאַר קאַליטאַ, ער טייט אים אַף די צוויי רויטאַרמייער, וואָס פירן מיט זיך אין אַ פאַרבונדענעם זאַק דינאַמיט, און וואָווע היצט זיך:

— כ' קאָמיסאַר, איר מוזט זיי באַפוילן אַראָפּגיין אָט דאָ באַלד, אַף דער סטאַנציע שאַלאַקושע. איר מוזט טאָן אַזוי, ווי ס'הייסט דער „אוסטאַוו“... כ' קאָמיסאַר...

און אָט אַזוי הויבט מען אָן צו פאָרן צו סטאַנציע שאַלאַקושע.

אַלעמאָל, ווען מ'האַלט שוין בײַ צופאָרן צו סטאַנציע שאַלאַקושע, הויבט זיך אָן אַ געשעלטערייַ. אַ געבייזער: שאַלאַקושע לאָזט ניט אַריין. מיט איין רויטינקן פלעמל, וואָס

פּרעפּלט דאָרט עפּעס אינדערפֿינצטער, פֿאַרהאַלט מען אַ צוג, וואָס דאַרף זיך אײַלן, כע לאָזט אים שטיין אינמיטן נאַכט. אָט זײַנען שוין אַלע אַרויס פֿון וואַגאָן, אַלע פֿילן, ווי ס'ציט פֿון אַרום און אַרום מיט פֿוילער, זומפּיקער נעץ, און מ'כאַזוערט אַלץ דעם פֿאַרדומפּענעם נאָמען: שא-לא-קו-שע, שא-לא-קו-שע...

ס'דאַכט זיך: מ'שעלט.

קאַליטא רופֿט דערווײַל אָפּ אָן אַ זײַט די צוויי רויטאַרמייער, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט זייער זאַק, ער רעדט צו זיי מיט אַ פֿאַרשטיקט קאָל—ער וויל ניט, אַז אַנדערע זאָלן הערן, נאָר ער רעדט בייז און פֿאַרדראָסיק.

— פֿאַר אַזאַ זאַך קומט אײַך אָפּגעבן אין טריבונאַל,—רעדט אַרויס קאַליטא מיט זײַן פֿאַרשטיקטער שטימע—איר ווייסט, וואָס ס'קומט פֿאַר אַזאַ זאַך? איר ווייסט, צי ניין?..

ער וויל ניט אַנדערש נאָר אַליין אַראָפּפֿירן זיי אַף סטאַנציע שאלאקושע צום קאָמענדאַנט. און וואָווע, אַז ער הערט דאָס, זאָגט ער באַלד, אַז ער גייט אויך. מ'רעדט אָפּ, אַז אין וואַגאָן וועט בלײַבן זיצן ליפּסקי און מיר אינדרײַען—מיר וועלן גיין באַשטאַטן די טאַמבאָווער נאַראָנים מיט זייער זאַק.

און אָט אַזוי האָבן מיר באַטראַטן דאָס אָרט, וואָס רופֿט זיך סטאַנציע שאלאקושע.

דאָרטן, אַף סטאַנציע שאלאקושע קומט פֿאָר מיט אונדז דעמאָלט אַזוינס: מיר קומען אַרויף אַף דעם קליינעם וואָקזאַלכל, וואָס איז פֿאַרזונקען אין קלעפּיקן כוישעך, און אַ צײַט נאָכאַנאַנד זוכן מיר דאָרט דעם קאָמענדאַנט. מיר געפֿינען אים ערגעץ אין דער זײַט פֿונעם וואָקזאַלישן הויף, דאָרטן זיצט ער אין אַ זיראַנישער שטוב און אַפֿן טיש אַנטקעגן אים ברענט אַ קנויטל אַרײַנגעשטעקט אין אַ שמאָלן העלדזל פֿון אַ קליינינקן פֿלעשל. אַרום. אין די ווינקלען פֿון דער האַלב-טונקעלער שטוב, זיצן די באַלעבאַטים, זיראַנער, זיי זײַנען צו אַלץ שוין געוווינט, קוקן זיי צו ש'ווײַגנדיקערהייט, ווי מ'לאָזט אַרײַן צו זיי אין שטוב די צוויי רויטאַרמייער, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט זייער זאַק. ס'קומט אַרײַן דער קאָמיסאַר קאַליטא, עס קומט צו אונדזער היציקער וואָווע, מע שטעלט זיך אַוועק אַרום דעם קנויטל, וואָס ברענט אַפֿן טיש—און אָט דערפֿון הייבט זיך עס אָן יענער אָפּדערנאַכט.

— וואָווע—קומט מיר פּלוצים אַרויף אַפֿן זינען צו זאָגן—לאָמיר גיין אַ קוק טאָן, ווי ס'האַלט מיטן צוג...

נאָר וואָווע איז פֿאַרטאָן, זע איך, אין די רייד מיט דעם שאלאקושער קאָמענדאַנט. און אַזוי אויך דער קאָמיסאַר פֿון אונדזער פּאָלק, קאַליטא. גיי איך אַרויס אײנער אַליין פֿון דער זיראַנישער שטוב. איך טאַפּ אין דער פֿינצטער דעם וועג צום וואָקזאַל און באַלד טאַקע ווער איך געוווירע: אַף דער קליינער פּלאַטפֿאָרם פֿון דער סטאַנציע שאלאקושע איז ליידיק, דער צוג איז ניטאָ און מיטן צוג איז אַוועק ניט מער ווי איינער פֿון אונדזער גאַנצער ביוראָ—כ' ליפּסקי.

איך לויף צוריק צום קאָמענדאַנט, איך שלאָג איבער אונדזער קאָמיסאַר אינמיטן די רייד:

— דער צוג איז אַוועק?—פֿרעגט איבער דער קאָמיסאַר און ער הייבט נאָך, אַפּאָנים, ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס איך זאָג—דער צוג איז אַוועק, זאָגסטו?..

— נו יאָ, דער צוג איז אַוועק. .

— וואָס-זשע וועט זײַן...

— זאָג דו...

נאָר דער קאָמיסאַר האָט דאָס מאָל גאָרניט צו זאָגן. ער איז שטאַרק פֿאַרשעמט: פֿאַרן קאָמענדאַנט, וואָס זיצט אַרום טיש, פֿאַר די צוויי רויטאַרמייער, וואָס שטייען אין האַלבטונקל מיט זייער זאַק.

— וואָס-זשע וועט זײַן?—פֿרעגט איבער מיטאַמאָל פֿון דער זײַט דער כ' וואָווע.

— אָט זאָג דו—בעט דער קאָמיסאַר. נאָר קיינער האָט ניט וואָס צו זאָגן אין דער רעגע. און אָט אַזוי בלײַבן מיר זיצן אַ נאַכט אַף דער סטאַנציע שאלאקושע.

## 2

איז טאַקע ניטאָ ווער ס'זאָל זיך אָננעמען פֿאַר סטאַנציע שאַלאַקושע?

מ'פֿאַרזעט, מ'פֿאַרטיילט זי. אָט ווייסן דאָך אַלע: ס'איז געגאַנגען אַהער אַ ציסטערנע, אַ ווײַסע ציסטערנע, וואָס פֿירט נײַנהונדערט עמער קעראָסין. האָבן היגע זיראַנער באַצײַטנס געסמאַקעט מיט די טרוקענע ליפּן:

— אָט דאָס איז גוט... דאָס איז גוט... אַ ציסטערנע...

און די מאָגערע באַן-לײַט פֿון שאַלאַקושער באַן—אַ קליין פֿענדל פֿאַרשטעקט אינעם נאַ־טל, אַ פֿײַפֿל אין האַנט—האָבן גאָר געקוועלט:

— אָט דאָ וועט מען אַ פֿײַף טאָן... ס'גייט אַ גאַנצע ציסטערנע... מ'וועט שוין בײַטן אי אַף ברויט, אי אַף זאַלץ.

און אַ זיראַניש שטיל מיידל—שיטערע, געל-אָפּגעקראָכענע האָר, קליינע, אויסגעוועבטגרויליכע אויגן, אָן ברעמען—זי האָט אַליין פֿון זיך געלערנט זיך לייענען און שרײַבן און זי פֿירט איצט אַף שאַלאַקושער באַן דעם אַגיטפּונקט—האָט זי אויך געהאַט מיט וואָס זיך צו פֿרייען. זי האָט געבראָכן אירע טרוקענע מאָגערע פֿינגער און געזוכט נאָר איינס: אַ זיכערן בליק-לאָמפּ... און ווײַטער איז דאָך אַלץ געווען זיכער: ס'גייט אַ ציסטערנע.

און ניטאָ, ניט געקומען די ציסטערנע. מע זאָגט: זי איז דאָ איין מאָל אַדורך. מע זאָגט: פֿאַרבײַ שאַלאַקושע איז איינמאָל געפֿלויגן אַ ווײַסע ציסטערנע... מע זאָגט.

איז טאַקע ניטאָ, ווער עס זאָל זיך אָננעמען פֿאַר סטאַנציע שאַלאַקושע?...

ס'איז דאָ פֿינצטער. דאָס קליינע וואָקזאַלכל איז געשטאָפּט. פֿול מיט מענטשן. אַ גרויסע כאָפּטע שינעלן און גאָר אַ קליין בינטל פּעלצן דערצו. דאַרע זיראַנער און בערדיקע רוסישע פּויערים—אָט ווער עס זײַנען די פּעלצן. און עס ריידן מיט זיי גערן די באַן-לײַט פֿון שאַלאַקושער באַן, און עס ציט אַהער—כאַפּן אַ וואָרט וועגן ברויט, וועגן זאַלץ—אויך די, וואָס גייען אָנגעטאָן אין גרויע, בעקנייטשטע שינעלן, אַלטע שינעלן. זיי האָבן פֿאַרקנייטשט נאָך אַ קנייטש פֿאַרן דײַטש און אַ קליין קנייטשל פֿאַר קערענסקין. צווישן אַלע שינעלן אויך אונדזערע דרײַ: דער דיקער קאָמיסאַר קאַליטאַ, דער פּאָליטרוק וואָווע גאַבינסקי און איך.

אַרום דעם קאָמיסאַר, באַ דער רעכטער זײַט, גייט אום דאָס זיראַנישע מיידל. זי האָט אונדז שוין באַוויזן יענעם ווינקל, וואָס מע רופֿט אַגיט-פּונקט. זי האָט אַפֿילע דערציילט אונדז, וואָס זי טוט דאָ אָפּ פֿאַר אַ קונץ: אָט ווי נאָר עס קומט אָפּדערנאַכט און מע זעט, ווי פֿיל רויטאַרמייער עס קלײַבן זיך וואַרטן אַ גאַנצע נאַכט אַף אַ צוג, קלאַפּט זי אַרויף אַף דער וואַנט אַ פֿרישע צײַטונג, זי פּראַוועט צו דאָרט אין ווינקל אַ גרויסע לוטשינע, זי צינדט זי אָן און אַזוי לאָזט זי דאָס איבער אַף אַ גאַנצער נאַכט. מע דאַרף דערבײַ האָבן אַ גרויסע געניטקייט, זאָגט דאָס שאַלאַקושער מיידל, מע מוז אויסקלײַבן אַזאַ בלאַט, וואָס סע זאָל שטיין דערויף אַ שיינער געמעל, וואָרעם צוליב אַ שיינעם געמעל ווילט זיך יעדערן אויפֿשטיין פֿון זײַן אָרט, און אַבי נאָר מע הויבט זיך אויף פֿון דער פֿאַרמיסטיקטער פּאָדלאָגע, איז שוין גוט, זאָגט דאָס שאַלאַקושער מיידל. נו, יאָ, דעמאָלט קאָן שוין די לויז ניט צוקומען אַזוי גרינג צו אַ מענטשן...

און זי שמייכלט צו אונדז, דאָס זיראַנישע מיידל, נאָר קאַליטאַ האָט נאָרוואָס באַמערקט עפּעס אַזוינס, וואָס עס הויבט אים ניט אָן צו געפֿעלן.

— אָט גיב אַ קוק, גאַבינסקי—רופֿט זיך אָן מיטאַמאָל קאַליטאַ—גיב אַ קוק, וואָס דאָ טוט זיך... אַזאַ טײַערע מאַסע, און זיי האָבן ניט פֿון וועמען צו הערן אַ פֿריש וואָרט...

עפּעס איז אים שוין אַרויף אַפֿן זינען, אונדזער דיקן קאָמיסאַר קאַליטאַ. אָט פֿרעגט ער זיך נאָך באַם שאַלאַקושער מיידל, אָט רעדט ער זיך איבער מיט וואָווען.

שוין, מע האָט שוין באַשלאָסן, מיר מוזן היַינט וויַיזן--אַזוי זאָגט דער קאָמיסאַר קאַ-ליַטאַ,—מיר מוזן באַוויַיזן דער שאַלאַקושער כאַוועריטע וואָס מע טוט מיט אַן אַגיט-פונקט אַף דער וועלט.

און דאָס שאלאקושער מיידל, אַז זי דערהערט דאָס, גיט זי אַזש אַ פּינטל מיט די קליינע, אויסגעוועבט-גרוילעכע אויגן—אָן ברעמען—און זי ברעכט פאַר פרייד אירע מאָגערע פינגער. ווי די אַלטע זיראנער, אַז זיי דערזעען אַ פלאַש אַפן טיש, אַזוי טוט זי אַ סמאָקע מיט די טרוקענע ליפּן:

— אָט דאָס איז גוט... דאָס וועט גוט זיַין... אַ מינדלעכע ציַיטונג!...

און אַלץ, וואָס מע דאַרף פאַר אַ מינדלעכער ציַיטונג, נעמט זיך באַוואָרענען וואָווע. ער קריכט אַרום אינדערפינצטער איבערן וואָקזאַלישן הויף, ער ברענגט פון דאָרט א פּאָר ברעטער, ער געפינט ערגעץ באַ דער באַן אַ פּאָר ליידיקע פּעסלעך, ער שטעלט דאָס אַלעס צונויף, ער מאָסטעט דאָס איַין און באַלד וועט שוין ווערן אַן אָרט, פונוואַנען מע וועט קענען האַלטן אַ רעדע.

— און איר וועט רעדן?—פרעגט זיך נאָך דאָס שאַלאַקושער מיידל.

וואָווע האָט קיין ציַיט ניט צו ענטפערן. ער נעמט אַראָפּ פון זיך דאָס לעדערנע רעקל. עפּעס האָט ער דאָרטן אין בוזעם-זיַיט אַ קליינע, נאָר גאָר אַ טיפע קעשענע און ער גע-פינט דאָרט אַלץ, וואָס ער דאַרף: אַ צווי פּאָרטרעטן, וואָס דאַרפן הענגען אין יעדן אַגיט-פונקט, אַ בינטל שמאַלע, רויטע סטענגעס מיט לאָזונגען און אַ שיינעם פּלאַקאַט מיט אַ גרוי-סער גרין-אַרומגעמאָלטער לויז, אָט דאָס אַלץ הענגט וואָווע אויס אין שאַלאַקושער ווינקל און ער האָט גאָר קיין ציַיט ניט צו ריידן אַ וואָרט.

טוט אַ פרעג ווידער דאָס שאַלאַקושער מיידל:

— פונוואַנען זיַיט איר אַליין, כאַווער?

וואָווע האַלט, אַז ס'איז אַציַנד ניט די ציַיט פאַר אַזעלכע רייד, נאָר, אַז ער זעט, ווי דאָס מיידל ווערט באַ זיך פלוצים געפאַלן, מיסטאָמע מיינט זי, אַז דער פרעמדער כאַווער האָט זי נאָר וואָס געכאַפּט באַ אַ נאַריש וואָרט, טוט וואָווע אַ זאָג, אַבי נאָר צו באַרויקן דאָס שאַלאַקושער מיידל:

— איך בין אַליין פון לאַדעמיר... איר האָט ניט געהערט פון אַזאַ שטאָט, ניין?.. אָט זעט איר, איך האָב דאָס פריער געוווסט... נו, איצט איז פאַרטיק. מיר קאָנען באַלד אָנהויבן די מינדלעכע ציַיטונג...

---

ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און עס לאָזט זיך נאָך גאָרניט הערן, ס'איז ניטאָ גאָר קיין סימען, אַז אַ צוג זאָל פון ערגעצוווּ זיך רוקן צו אונדז, צו שאַלאַקושע.

רוישט מען שוין ווינציק אינעם פינצטערן, קליינעם וואָקזאַל, יעדער איינער מאָסטעט זיך איַין אַף באַנאַכט, מע בויגט זיך איַין שטייענדיק, מע ציט זיך אויס זיצנדיק, דער קאָפּ הענגט זיך שוין נאָך און מע זוכט אַ צושפּאַר, אַן אָנשפּאַר. אַ זאַק און אַ פּויסט—אַבי נאָר האָבן דעם קאָפּ ווּ אַהינצוטאָן.

און פלוצים: סע קלינגט דער גרויסער וואָקזאַלישער גלאָק. אָט הערט זיך איין קלונג און נאָך איינער.

— סע גייט אַ צוג?..

— פונערגעץ קומט אָן אַ צוג?...

— אינמיטן דער נאַכט גאָר אַ צוג?..

מע הויבט זיך, מע גלויבט זיך ניט און מע טוט דאָך זיך אַ ריר פונעם אָרט, מע לויפט צו דער טיר, וואָס פירט אַרויס אַף דער פלאַטפאָרם. מע יאָגט, מע שטויסט זיך, נאָר

באַלד טוט די טיר זיך אָן עפֿן פֿון דרויסן און אַפֿן צערודערטן אוילעם טוט אַ פֿאַל אַ ברייטע, רויכיקע שייַן.

— כאַווייריִם!--שרייַט עמיצער אַרייַן דורך דער אָפֿענער טיר—קייַן צוג וועט הייַנט ניט זייַן אַ גאַנצע נאַכט... כאַווייריִם, באַלד וועט זייַן דאָ אַ מינדלעכע צייַטונג... כאַווייריִם...

איצטער זעט מען שוין, אַז דאָס איז אונדזער וואָווע. ער קומט אַרייַן פֿון דרויסן מיט אַ געצונדענער גרויסער לוטשינע אין דער האַנט, און דאָס האָט ער נאָרוואָס געקלונגען אינעם וואָקזאַלישן גלאָק, קעריי אַ הויב צו טאָן דעם פֿאַרשלאָפֿענעם אוילעם.

-- כאַווייריִם, מיר הויבן באַלד אָן... שרייַט ער אויס אַף אַ קאָל און ער גייט אום מיט דער געצונדענער לוטשינע אין די הענט, ער רופֿט דעם אוילעם אַהין, אין יענעם ווינקל, וווּ עס געפֿינט זיך דער אַגיט-פּונקט. נאָר ווייַזט אויס עס וועט אים הייַנט דאָ ניט אָפּגיין אַזוי גלאַט. די שינעלן און פעלצן האָבן זיך נאָר-וואָס אופֿגערודערט פֿונעם שלאָף, זיי האָבן אָנגעשטאָפּט פֿול דעם ווינקל פֿונעם אַגיט-פונקט און זיי ווילן, דאַכט זיך, פֿאַרשטאָפּן דאָס מויל אונדזער ווילן קאָמיסאַר קאַליטאַ. אָט האָט ער שוין אַ פּאָר מאָל געפּרוווט אָנהויבן ריידן און מע שלאָגט אים באַלד איבער מיט געשריי, מיט געטומל.

— זעסט, גאַבינסקי, דו זעסט?—טוט אַ זאָג קאַליטא מיט אַ שאַרפֿן קוק אין וואָווען זייַט. און וואָווע פֿילט זיך שוין ווידער אַמאָל שולדיק.

ער זעט ווי עס רודערט אינעם קליינעם וואָקזאַלכל, ער הערט, ווי מע שרייַט:

— מע נאַרט אונדז אָפּ...

— שטענדיק נאַרט מען אינדז אָפּ...

— גענוג גענאַרט אונדז, גענוג...

— מיר ווילן ניט הערן מער...

— מיר ווילן מער ניט הערן..

ווי גוט האָט געטאָן דעמאָלט קאַליטאַ, וואָס ער האָט איבערגעגעבן דאָס וואָרט דער שאַלאַקושער מיידל און איז אַליין אַראָפּגעגאַנגען פֿון יענעם אָרט, ווו ער האָט געזאָלט האַלטן זייַן רעדע. האָט זיך דאָ אַף די הויך-אָנגעמאָסטענע ברעטער אַ שטעל געטאָן דאָס קליינע זיראַנישע מיידל, מיט איר דינעם, ציטעריקן קאָל האָט זי אַ רייר געטאָן גלייַך אין דעם טומל אַרייַן—און איר קאָל האָט מען, ווייַזט אויס, אַף סטאַנציע שאַלאַקושע געקענט,—האָט מען געזען, ווי שינעלן און פעלצן האָבן זיך אָנגעהויבן וואַקלען: יאָ הערן, ניט הערן.

— כאַווייריִם!—האָט דאָס שאַלאַקושער מיידל געריסן איר ציטעריק קאָל—אַלע ווייסן אַז מיר, זיראַנער, האָבן פֿייַנט צֿפנאַרן. אָט זעט אַליין: אַהער קיין שאַלאַקושע זייַנען הייַנט אָנגעקומען גאָר גרויסע מענטשן... קיינמאָל האָט נאָך שאַלאַקושע ניט געזען אַזעלכע מענטשן... אָט זעט אַליין...

און זי האָט שוין געוואָלט ווייַזן פֿאַר אַלעמען, ווי עס זעען אויס די גרויסע מענטשן, וואָס זייַנען הייַנט געקומען אַף סטאַנציע שאַלאַקושע. זי האָט גאָרניט געזען, ווי דער קאָמיסאַר איז נאָך פֿריער אַוועק אָן אַ זייַט, זי האָט איצט ערשט באַמערקט, אַז נעבן איר, אַף די ברעטער, איז געבליבן שטיין נאָר אונדזער וואָווע,—האָט דאָס מיידל געטייַט מיט אַ פֿינגער אַף וואָווען: אָט איז דער כאַווער, וואָס וויל אונדז זאָגן אַ וואָרט. אָט דער כאַווער...

איצט האָט שוין אַנדערש ניט געקאָנט זייַן: וואָווע האָט געמוזט נעמען אַ וואָרט. ער האָט נאָר צייַט געהאַט אַ קוק טאָן אין יענער זייַט, ווו עס איז געשטאַנען קאַליטאַ, און ער האָט איבערגענומען דעם קאָמיסאַרס איין-איינציקן בליק.—וואַרט, דו וועסט דייַנס נאָך באַקומען—האָט דער קאָמיסאַר ווי געזאָגט מיט זייַן בליק—און אַצינד רייד...

ניט גוט ברענט היינט די לוטשינע אַף שאַלאַקושער אַגיט-פונקט. זי רויכערט ערגער ווי טאָמיד, זי שפרייט אַרום זיך אַ שמאָלע, ציטעריקע שיין און וואָס אַ רעגע ווערן לענגער און לענגער די שאָטנס, וואָס קלעטערן אום איבער די לאַנג ניט געקאַלכטע ווענט־פונעם וואָקזאַל. ניט גוט, וואָס ס׳איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך אָנעמען פאַר סטאַנציע שאַלאַקושע... און וואָוען אַרט עס, אַפּאָנים, ביז גאָר. אָט האָט ער שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנט אין זיין רעדע די סטאַנציע שאַלאַקושע, ער ווייסט, זאָגט ער, אַז אַרום און אַרום מוזן זיין דערפער און דערפער, און דאָרטן צינדט מען איצט אויך ניט אָן קיין שיין, יאָ, ס׳איז אומעטום פינצטער, ס׳איז כווישעך... איז פאַרוואָס-זשע, פרעגט וואָווע, איז היינט אַזוי פינצטער אַרום און אַרום?... אָט איז דאָך פאַראַן בא אונדז אַ שטאָט נאָך אַ גרעסערע—יענע שטאָט איז איינע אין לאַנד—פעטראָגראַד_און דאָרטן צינדט מען היינט אויך ניט קיין פייער... און נאָך א שטאָט איז פאַראַן אַזאַ, טולע, כאַווייריםי, ס׳איז בא אונדז אויך גאָר אַ נויטיקע שטאָט—איז אויך דאָרטן איצט פינצטער... עס וויל אַהין אויך זיך פאַרקלייבן דער פינצטערער סוינע... איז אַזוי באַ טולע און אַזוי באַ פעטראָגראַד... און וואָס טוט ער דאָ באַ אונדז אף שאַלאַקושער וועג... יאָ, כאַווייריםי, לאָמיר טאַקע אַ קלער טאַן, וואָס טוט דער סוינע דאָ, באַ אונדז אַף שאלאקושער וועג...

...ניט גוט ברענט היינט די לוטשינע אַף שאַלאַקושער וועג. זי גיט אַ לייג אַ פּאַס ליכט און מעקט עס טייקעף שוין אָפּ, זי רויכערט מער, ווי זי שפרייט אַרום שיין, נאָר דורך דעם רויך זעט מען אויך די וויטע פינצטערע שטעט, וווהין עס גאַנוועט זיך איצטער דער סוינע, מע זעט דעם סוינע אַליין, און נאָך זעט מען: וואָוועס העלע, גאָלדיקע וואָנסעלעך, זיין שטראַלנדיק, קלייענדיק פּאָנים, ווי ער וויגט זיך אום, ווי ער גייט אוף אין דער ציטעריקער, רויכיקער שיין פון דער לוטשינע...

נו, אַציינד האָבן שוין שינעלן און פעלצן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיראַנישע מיידל האָט ניט גענאַרט: אף סטאַנציע שאַלאַקושע האָט זיך טאַקע באַוויזן אַ מענטש...

— ווי דאָס רעדט...

— הערט נאָר, הערט, ווי דאָס רעדט...

— ער קאָן זיי, די ווייסע...

— ער האָט מיסטאָמע פאַרזוכט זייער ברויט...

— ברודערל, שיט זיי אַריין, שיט אַריין נאָך...

— גערעכט... גערעכט...

— מיר אַלע... מיר אַלע...

דאַכט זיך, אַזאַ שטילע—דאָס שאַלאקושער מיידל, און איצט קאָן זי ניט מער איינשטיין אַף איר אָרט, זי גיט זיך אַ יאָג אַרויס פון איר ווינקל, ווו זי איז ביז אַהער געשטאַנען מיט דער לוטשינע אין די הענט, זי שטייט שוין איצט באַגלייך מיט וואָווען, זי פאַרשטעלט אַפילע וואָוען פונעם אוילעם, וואָס שטיקט זיך אין ענגען אַגיט-פונקט...

— כאַווייריםי—גיט זיך אַ יאָג אַרויס מיט איר ציטעריק קאָל דאָס שאַלאקושער מיידל—לאָמיר דאָ היינט אָפגעבן אַ שווע פאַר אונדזער טייערן כאַווער... לאָמיר שווערן, אַז מיר וועלן פאַרטרייבן דעם סוינע פון אַלע שטעט, פון אַלע עקן אין דער וועלט...

און אַף סטאַנציע שאַלאַקושע שווערט מען.

פאַר אלע פינצטערע שטעט אין אונדזער לאַנד, פאַר אַלע גרויסע און קליינע וואָקזאַלן, ווו מע האָט היינט דערזען דעם שאָטן פונעם פינצטערן סוינע,—פאַר אַלעמען שווערט איצט שאלאקושע מיט אירע געקנייטשטע שינעלן, מיט פאַרקויטיקטע פעלצן, מיטן זיראַנישן מיידל און מיט אונדזער היציקן כאַווערל וואָווע...

...עס דערברענט שוין די לוטשינע באַ דעם שאלאקושער מיידל אין די הענט.

— אָט דאָס איז גוט... דאָס הייסט גוט...—סמאָקעט מיט טרוקענע ליפּן דאָס שאלאקושער מיידל. און וואָווע איז שוין נאָרוואָס אַראָפּ פון זיין אָרט, ווו ער האָט געהאַלטן די

רעדע, דער מיטינג איז געענדיקט, נאָר דער אוילעם פֿון אַרום קוקט נאָך אַלץ אַהער אין דער זײַט, וווּ מיר האָבן אַלע אַרומגערינגלט וואָוועץ. אָט זעט מען אַפּילע, ווי עס שטופּט זיך דורך צו אונדז פֿונעם אוילעם עמיצנס אַ גרויע, געלאַטעטע שינעל.

— קוק נאָר אָן—גיט אַ זאָג מיטאַמאָל קאַליטאַ—אָן איז דאָך דוליע, דער טעלעפֿאָניסט פֿון אונדזער פּאָלק...

און דוליע האָט זיך שוין דורכגעשטופּט נאָענט צו אונדז. איצט זעט מען שוין זײַן ברייטן, צעשמייכלטן פּאָנים, וואָס איז אַרומגעבונדן מיט אַ ווײַסן באַשליק—אַ יערושע פֿון אַ ווײַסן אָפֿיצער, אַ צעשאָסענעם.

— פֿונוואַנען קומסטו דאָס, דוליע?—פֿרעגט זיך נאָך דער קאָמיסאַר קאַליטאַ,—דו ביזט דאָך, דאַכט זיך, געלעגן אַף טיף?...

נו, יאָ—זאָגט דוליע,—ער איז אַוואַדע געלעגן אַף טיף. ער איז ערשט נעכטן אַרויס פֿון לאַזאַרעט. נאָר אָט האָט ער נאָרוואָס געהערט ווי דער כאַווער פּאָליטרוק האָט גערעדט... אָט אַ רעדע... עס וועט שוין זײַן וואָס צו דערציילן אין פּאָלק.

פּאָרט, הייסט עס, דוליע אויך באַגלײַך מיט אונדז צוריק אין פּאָלק אַרײַן. זײַנען מיר שוין אינפֿירן אַף סטאַנציע שאַלאַקושע. און קיין צוג איז אַלץ נאָך ניטאָ.

איצט האָט אונדז עפּעס צו זאָגן דאָס שאַלאַקושער מיידל. זי רעדט שטיל, נאָר זי ווייסט, אַז זי רעדט צו דער זאַך. אַלע דריי כאַווירים, זאָגט זי, דאַרפֿן דאָך האָבן אַן אָרט, וווּ צו נעכטיקן. איז אָט רעכנט זי, אַז דאָס בעסטע איז, מע זאָל זיי אָפּפֿירן צו איר מוטער אין שטוב אַרײַן, ט'איז דאָ ניט ווײַט פֿונעם וואָקזאַל... און זי, דאָס שאַלאַקושער מיידל, זי דאַרף סײַווי הײַנט דעזשורען אַ גאַנצע נאַכט באַם וואָקזאַל. וועט זי שוין געבן צו וויסן די פֿרעמדע כאַווירים, ווי נאָר עס וועט זיך באַווײַזן אַ צוג.

דער פּלאַן איז ניט געפֿעלן געוואָרן וואָוועץ. ער האָט נאָך, ווי פֿריער, געהאַלטן אין ווישן דעם שטערן, ער איז נאָך מיד פֿון דער רעדע, נאָר ער ווייסט שוין, וואָוועץ, אַז רוען דאַרפֿן אַנדערע, ניט ער, ער וועט בלײַבן אָט דאָ אַפֿן וואָקזאַל, ער וויל איבערגעץ ניט אַוועקגיין פֿונדאַנען. מיר האָבן לאַנג גערעדט דעמלט, נאָר מיר האָבן גאָרניט געקאָנט פּויעלן באַ וואָוועץ. מיר האָבן געמוזט צעשיידן זיך.

— געדענק, גאַבינסקי—האָט באַם אַוועקגיין אַ זאָג געטאָן קאַליטאַ—געדענק, מע דאַרף זײַן געהיט פֿונעם טיף.

און מיר זײַנען אַרויס אין דער פֿינצטערער שאַלאַקושער נאַכט.

3

איז פֿאַראַן, לאָזט זיך אויס, אַרום שאַלאַקושער באַן נאָך אַ יישעוו. פֿון ערגעץ פֿאָכעט ער אַף אונדז מיט אַ וואַרעמען אָטעם, ערגעץ עטעמט שוין נאָענט אַ קוימען, אַ שטוב, נאָר ס'איז פֿינצטער אַרום, און מיר זײַנען נאָך אַלץ ניט ווײַט פֿונעם וואָקזאַלכל. אונדז פֿירט דאָס זיראַנישע מיידל. די פֿינצטערניש איז געדיכט, זי פֿאַרשטאָפּט אונדז די מײַלער. שווײַגן מיר אַלע: קאַליטאַ, דאָס מיידל און איך. און פּלוצים דערהערן זיך שטימען. אינמיטן שאַלאַקושער נאַכט—צעהיצטע, געמביקע שטימען.

— וואָס איז דאָרט?—טוט אַ פֿרעג קאַליטאַ, און ער ווערט שטרענג: אינדרויסן, אַז ער רעדט, רעדט ער אַלעמאָל שטרענגער.

— ס'איז גאָרניט,—זאָגט דאָס שאַלאַקושער מיידל,—דאָס טומלט מען אינעם גרויסן הילצערנעם שײַער באַ דער זײַט פֿונעם וואָקזאַל. אַהין האָט מען נאָר וואָס פֿאַרטריבן אַ גאַנצע מאַכנע דעזערטירן. עס מאַכט ניט אויס, מיר האָבן דאָ אַ גוטן קאָמענדאַנט, ער ווייסט, ווי זיי צו נעמען אין די הענט...

אין אלך איז זי באַגלויבט, דאָס זיראַנישע מיידל. נאָר אונדזער קאַליטא איז, אַפּאָנים, ווייניקער זיכער אין דער שאַלאַקושער פינצטערער נאַכט. ער הערט ניט אויף האַלטן די האַנט באַם נאַגאַן און שפּאַנען שפּאַנט ער אַזוי, ווי ער וואָלט שוין וויסן, אַז דאָס גייט מען דער געפאַר אַנטקעגן.

— מיר דאַרפן קיין זאַך ניט האָבן,—זאָגט קאַליטא, ווען דאָס מיידל פירט אונדז אַריין אין אַ פינצטערער שטוב,—מיר ווען דאָ ניט מער ווי אַביסל אַ דרעמל טאָן.

און איך זאָג אויך דאָסזעלבע, נו, געוויס וועלן מיר דאָ ניט מער ווי אַ דרעמל טאָן, מע דאַרף דאָך באַלד קומען אונדז רופן צום צוג.

דאָס מיידל קערט זיך אום צוריק צום וואָקזאַל און מיר, וואָס בלייבן אין שאלאקושער יישעוו—קאַליטא און איך—מיר הייבן אָן וואַרטן, דורכן שלאָף אַפילע וואַרטן מיר ביידע, מע זאָל קומען אונדז רופן צום צוג. מיר שלאָפן אין אַ שמאָלער זיראַנישער שטוב. זי איז איינגאַנצן פאַרגאָסן מיט באַנאַכטיקן טונקל, ניט מער אַ קליין ביסל גרויקייט שימערט אַריין דורכן פענצטער און עס מאָלט זיך, אַז פון יענער זייט שויב מוז שטיין אַ בוים. דעם קאָמיסאַר איז גוט: ער דעקט זיך איבער מיטן שינעל איבערן קאָפ און ער הערט גאָרניט. און מיך האָט שוין צוויי מאָל אויפגעוועקט עמיצנס קלאַפן אין וואַנט. איך כאַפ זיך אויף, הער זיך איין און דערוויס זיך, אַז דאָס קלאַפּט מיט די הערנער אין וואַנט די זיראַנישע קו, וואָס מוז דאָ האָבן ערגעץ נאָענט איר שטעלכל.

און די נאַכט ציט ווייטער, ס'איז אַלץ נאָך פאַרגאָסן מיט טונקל די שמאָלע זיראַנישע שטוב און נאָר איין ביסעלע גרוי שימערט אַף דעם גלאָז פון די שויבן.

און פלוצים: עפּעס אַ שיין גיט זיך אַ וויי אין אַ צווייטן עק שטוב, די שיין גייט פון יענעם זייטיקן ווינקל, ווו עס געפינט זיך געווייטלעך אין זיראַנישע הייזער דער אויוון, און דאָרט אינעם פינצטערן ווינקל אַרום אויוון—אַזוי האָט אונדז געזאָגט דאָס שאלאקושער מיידל—דאָרטן שלאָפט איצט איר אַלטיטשקע מוטער. נאָר פאַרוואָס זשע רוקט זיך עס איצט פון יענעם ווינקל אַרויס אַזאַ ציטעריקע שיין? אָט זעט מען, ווי עס באַווייזט זיך פון דאָרטן אַ קליינע, געבויגענע געשטאַלט—ס'איז די אַלטע זיראַנערן, אַף די אַקסל האָט זי אַריבערגעוואָרפן אַ ברייטן וואַטאָוון קאַמזויל, אָן אַרבל, זעט זיך אַרויס אַ נאַקעטע האַנט, וואָס האַלט אַ ברענענדיק שפּענדל אַנטקעגן זיך און מיט דעם שפּענדל אין האַנט רוקט זיך די אַלטע אַהער, צום מיטן שטוב, ווו עס שלאָפט דער קאָמיסאַר קאַליטא.

זי ווייסט ניט, אַפּאָנים, די אַלטע, אַז מיר זיינען געבליבן דאָ נעכטיקן צווייען, רוקט זי זיך אַלץ צו איין זייט צו, אַהין, ווו עס הערט זיך דער אָטעם פונעם שלאָפנדיקן קאָמיסאַר. זי שאַרט דערביי מיט דעם ברענענדיקן שפּענדל אינלופטן—אָט הייבט זי עס אויף אינדערהויך, אָט לאָזט זי אַראָפּ עס באַלד ווידער—ביז די שיין גיט אַ פאַל אַף קאַליטאַס פאַרשלאָפענעם פּאָנים, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אַרויסגערוקט פון אונטערן שינעל. די אַלטע זיראַנערן בלייבט פלוצים שטיין.

פאַרוואָס קוקט זי זיך אַזוי איין אין אונדזער קאָמיסאַר קאַליטא? פאַרוואָס האָט זיך איר פאַרוואָלט אינמיטן נאַכט גיין אַ קוק טאָן אַף איר טאָכטערס אַ גאַסט? זי האַלט דאָך גאָרניט פון איר טאָכטערס כאַווײרים, אָט די אַלטע זיראַנערן, זי איז אַזוי אויך שטאַרק צוקריגט מיט איר איינציקער טאָכטער—אַזוי האָט אונדז דאָס שאלאקושער מיידל דערציילט. די אַלטע וויל ניט ליידן, וואָס איר טאָכטער גייט אַרויס אַלע טאָג צום וואָקזאַל, זי וויל ניט אָנקוקן די בלעסער, וואָס דאָס מיידל צעקלעפּט באַ זיך אין שטוב אַף די ווענט, און נאָך מער קאָן זי ניט ליידן די פרעמדע לייט, די כאַווײרים, וואָס קומען אָפּטלעך אַראָפּ צו איר טאָכטער אין שטוב פון דער באַן.—

— דו וועסט אַזוי טאַקע גרוי ווערן—רייצט זיך די אַלטע מיט איר איינציקער טאָכטער—וועסט זיך האָבן אַסאַך פריינט, נאָר גאָט וועט דיר ניט אָנווייזן דיין גלייכן באַשערטן, דיין מאַן...

און נאָך האָט די אַלטע ניט איינמאָל געטייַנעט:

— הער אוף גיין צו דער באַן—פּלעגט זי זאָגן—ווען זוכסטו דאָרט?... אַז גאָט וועט וועלן דיר שענקען דייַן גליַכנס, וועט ער אַליין אים אַרייַנשיקן צו דיר אין שטוב...זאָלסט עס וויסן...

זי האָט געשמייכלט, דאָס שלאַקושער מיידל, בייס זי האָט אונדז דאָס אַלס דערציילט דאָ אין שטוב, זי האָט אונדז געוואָלט באַוואָרענען פון איר אייגענער מוטער, וואָס קוקט שטענדיק קרום אַף די פּרעמדע לייַט פון דער באַן... איז וואָס-זשע וואָלט זי זאָגן אַצינד, דאָס שלאַקושער מיידל, וואָס וואָלט זי זאָגן, ווען זי זעט, באַגלייַך מיט מיר, ווי איר מוטער קוקט זיך איַין אינמיטן נאַכט אין אונדזער קאָמיסאַר קאַליטאַ, זי קוקט זיך איַין, זי וויל דערקאָנען, צי איז עס ניט ער, דער באַשערטער, וואָס גאָט שיקט צו פון איר טאָכטערס וועגן אַהער, אין איר אייגענער שטוב אַרייַן?.. יאָ, מיר וועלן וועגן דעם נאָך אַ שמועס טאָן, מיר וועלן איבערגעבן אַלץ דעם שלאַקושער מיידל—אַזוי טראַכט איך און לאָך צו זיך אַליין האַלב אַף דעם וואַך, האַלב דורך דעם שלאָף, וואָס הויבט מיר שוין אָן קלעפּן די וויעס...

מע קלאַפּט. שטאַרקער, נאָך שטאַרקער, מע קלאַפּט אין טיר, אין דער וואַנט. נו, אָט דאָס איז זי, די שלאַקושער נאַכט.

אינדרויסן שטייט דאָס זיראַניִשע מיידל. באַם וואָקזאַל איז ניט גוט, דערציילט דאָס מיידל. אָט נאָר-וואָס איז אַהין אַרייַן דער היגער קאָמענדאַנט, ער האָט געפּרעגט, צי זייַנען צווישן אוילעם פאַראַן קאָמונאַרן. איצט זייַנען שוין אַלע דאָרטן, אַרום שייַער, ווו מע האַלט די דעזערטירן. און זי, דאָס מיידל, האָט מען געשיקט אַהער...

קאַליטאַ זעט אויס, איז ניט איינגאַנצן נאָך וואַך.

— וואָס האָט איר געזאָגט, קאָמונאַרן? און ווו איז וואָווע?... פרעגט ער איבער באַ דעם מיידל און דאָס קאָל איז באַ אים באַנאַכטיק, פאַרדומפּן.

נאָר דאָס זיראַניִשע מיידל פאַרשטייט ניט, וואָס הייסט עס אַזוינס: וואָווע...

— וואָווע הייסט אַ מענטש, אונדזערער אַ מענטש, אונדזער כאַווער...—וויל איר געבן צו פאַרשטיין קאַליטאַ, נאָר ס'איז שוין ניטאָ קיין צייַט צו ריידן, אָט זייַנען מיר שוין אַרויס פון דער זיראַניִשער שטוב און איצט הויבט זיך ווידער אָן דער וועג אין שלאַקושער כוישעך.

— ווו איז דער גאָרטן?—פרעגט זיך נאָך קאַליטאַ—אַהערצווועגס זייַנען מיר געגאַנגען מיט אַ צעגראָבענעם גאָרטן...

ער גלויבט איצט קיינעם ניט, אונדזער קאַליטאַ. אַפילע ניט דעם שלאַקושער מיידל: אָט איז מען אַריבער דעם גאָרטן. אונדזערע פיס קנעטן ווידער דאָס טייג פון שלאַקושער בלאָטע. און פלוצים: אינמיטן דער פינצטערער נאַכט גייט אוף אַ ראָזעווע שייַן. ס'ווערט ליכטיק. ערגעץ ברענט אַרום דעם וואָקזאַל. דאָס מיידל זאָגט, אַז דאָס מוז זייַן דער הילצערנער שייַער. מיסטאָמע האָבן אים אונטערגעצונדן די דעזערטירן אַליין.

— גיכער, גיכער, אַהין—גיט זיך אַ יאָג דער קאָמיסאַר קאַליטאַ.

עמיצער לויפט אונדז אַנטקעגן.

— בלייַב שטיין—שרייַט אויס קאַליטאַ—שטיי אַף אַן אָרט. אַניט שיס איך...

— ווער זייַט איר?—פרעגט דער, וואָס קומט אָן אונדז אַנטקעגן,—רירט זיך ניט פון אָרט, אַניט שיס איך...

איצט ערשט זעט מען, ווי זי האָט זיך צעשפּילט, די שלאַקושער נאַכט. זי לויכט אונדז שוין פונדערווייַטנס, פונעם וואָקזאַל, מיט אַ הויכן זייַל פייַער, זי הילכט שוין אוף מיט אַ קנאַל פון אַ שאָס ערגעץ נאָענט אַרום אונדז: דאָס שיסט אויס קאַליטאַ.

— ניט שיסט—טוט אַ געשריי פלוצים דאָס שלאַקושער מיידל—ניט שיסט: דאָס איז אונדזער קאָמענדאַנט. איך דערקאָן אים.

ס'איז איצט נישט די צײַט צו האָבן פֿאַריבל. שטייט שוין דער היגער קאָמענדאַנט אַרום אונדז, סע שמעקט פֿון אים מיט פֿרישן לעדער פֿון זײַן אָקאָרשט באַנײַטער קורטקע, און נאָך שמעקט ער, דאַכט זיך, מיט רויך. די דעזערטירן האָבן אונטערגעצונדן דעם הילצערנעם שײַער,—דערציילט אַפֿגיך דער קאָמענדאַנט,—דרײַ פֿון זיי זײַנען אַנטלאָפֿן צום וואַלד צו... מוז מען טייקעף זאָטלען אַ פֿערד. און דאָרט בײַם שײַער וועט איר טרעפֿן אײַער כאַווער... ער פֿאַרהאַלט דאָרט די איבעריקע דעזערטירן. אַצינד... אײַלט אײַך, אײַלט אײַך צו אים...

מיר לויפֿן ווײַטער אין דער באַלויכטענער נאַכט און איינער טרײַבט צו דעם צווייטן:—גיכער, גיכער... וואָווע איז דאָרטן איינער אַליין...

נאָר ווי אַזוי האָט זיך עס געטראָפֿן מיט אונדז יענע נאַכט? פֿאַרוואָס האָבן מיר נישט דערקאָנט אונדזער וואָווען?... אַזוי ליכטיק, אָן רויך—הויכע פֿלאַם האָט געברענט דער הילצערנער שײַער, ער האָט פֿאַרגאָסן מיט ראָזעווער שײַן דאָס קליינע וואָקזאַלישע סעדל, און דאָרט אַרום סעדל איז איצט געשטאַנען וואָווע פֿאַרקלעמט אין דער כאַפּטע דעזערטירן... אָט דאָרטן האָט ער געוואַרט אַף אונדזער הילף... נאָר מיר האָבן דאָך יענע נאַכט נישט דערקענט אונדזער וואָווען, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן אַלע אַף רעכטס, אַהין, ווו עס האָט געטומלט דער וואָקזאַלישער אוילעם, מע האָט געזען פֿונווײַטנס די שינעלן און פעלצן, געזען, ווי זיי לעשן דאָס פֿײַער, זיי שלעפּן געצונדענע בערוועגעס, ברעטער...

און פֿון לינקס, בײַ דער זײַט אַרום סעדל, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ געשריי... עמיצער האָט געשריען אין דער נאַכט מיט אַזאַ פֿאַרשפּעטיקטן רוף, אַזוי מאָנענדיק הילף, אַזוי מאָנענדיק ביטער... די ערשטע האָט עס דערהערט דאָס שאַלאַקושער מיידל. און מיר, די איבעריקע, מיר האָבן דערהערט באַלד אַ שאָט, האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן באַגלײַך מיט דער שאַלאַקושער מיידל, מיר האָבן זיך אַלע געשפּאַרט צווישן שינעלן און פעלצן, מיר האָבן זיך אַלע צעיאָגט אין דער באַלויכטענער נאַכט. אימיצער נאָך—און נישט איינער—איז, דאַכט זיך, געלאָפֿן מיט אונדז, עמיצער נאָך—און נישט איינער—האָט געהאָלפֿן אונדז רופֿן אין דער נאַכט:

— גאַבינסקי...

— גאַבינסקי...

און עפּשער האָט זיך דאָס אונדז דעמלט געדאַכט, וואָרעם, אַז מיר זײַנען געקומען צום אָרט, זײַנען מיר דאָרטן געווען נאָר אינדרײַען: דער קאָמיסאַר קאַליטאַ, דער טעלעפֿאָניסט דוליע און איך. מיר זײַנען געשטאַנען אינמיטן דעם קליינעם וואָקזאַלישן סעדל, פֿונעם ברענענדיקן שײַער איז געפֿאַלן אַהער אַ ברייטע ראָזאָווע שײַן און אינמיטן דער שײַן איז געלעגן אַף דער ערד עפּעס שוואַרץ.

— וואָס איז דאָס?—האָט עפּעס געשטאַמלט ווי צו זיך אַליין דער טעלעפֿאָניסט דוליע—זיי האָבן אים געשאָסן פֿון זײַן אייגענעם נאַגאַן, די דעזערטירן... איר זעט?... איר זעט?..

און דער קאָמיסאַר קאַליטאַ האָט זיך פּלוצים אַראָפּגעבויגן גאָר צו דער ערד, ער האָט אַ קער געטאָן צו דער שײַן דאָס ביסל שוואַרץ, וואָס איז געלעגן פֿאַר אונדז, ביז ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַ ראָז-באַלויכטענעם, מענטשלעכן פּאָנים.

— יאָ, דאָס איז אונדזער פּאָליטרוק—האָט געזאָגט קאַליטאַ.

4

ווער געדענקט, ווי עס שטעלט זיך אַ טאָג אַף שאַלאַקושע?... אינעם גרויען באַגינען באַווײַזן זיך איינציקווײַז די הילצערנע הײַזלעך, זיי זײַנען דאָ קליינע און דאַרע, ווי זקיינעס, זיי שטופּן זיך, זיי רוקן זיך אַרויס אין באַגינען—ס'איז גוט, אַז מע רוקט זיך אָפּ פֿון שאַלאַקושער נאַכט. אָט פֿאָרט אָן אַ פּויער פֿון אַ שכייניש דערפֿל, ער פֿאָרט מיט זײַן

אָרעמען שלִיטן—אוּם האַרבסט האָט אַ שאלקוּשער פויער אַלעמאָל ליב שפּאַנען זײַן שלִיטן, אוּם האַרבסט ווערט דאָך פּעט און געדיכט די שאלאקוּשער בלאָטע—פֿאָרט דער פויער אַרײַן מיט זײַן שליטן אינעם האַרבסטיקן טאָג, אַליין זיצט ער רײַטנדיק אַפֿן פֿערד און רײַבט מיט די פֿאָסטעלעס די דאַרע פֿערדישע ריפּן—ער פֿאָרט, און שאלאקוּשע ווערט ניט פֿאַרשעמט. אָט קוּמט אָן דער פויער צו שאַלאקוּשער באַן, מיט אַ שמייכל אַפֿן געלן בערדיקן פּאָנים רעדט ער אַראָפּ פֿוּנעם פֿערד צו די פֿאַרשלאָפֿענע לײַט, וואָס שטייען אַפֿן גאַניקל פֿוּנעם קליינעם וואָקזאַל.

— אַהאַ, איר זעט: ניטאָ באַ אוּנדז מער קײַן באַן... געזאָגט אײַך נעכטן: הײַדאַ, זעצט זיך מיט מיר... מיט מיר·ווּעט איר גיכער פֿאַ־פֿאָרן... הײַדאַ, נוּ...

דער אוילעם אַפֿן גאַניקל שווײַגט. נאָר אָט זעט מען ווי עס קוּמט צו צו דעם פויערשן שליטן דאָס שאלאקוּשער מיידל, עפּעס רעדט זי אַרוּף צו דעם פויער, וואָס זיצט אַפֿן פֿערד, און דער קאָמיסאַר קאַליטאַ שטייט אויך דערבײַ און ער הערט זיך צו.

— נוּ-ושע, נוּ—זאָגט דער געלער, בערדיקער פויער—איר דאַרפֿט שוין ווידער האָבן ברעטער אַף אַ טרוּנע... ניטאָ די נאַכט, עס זאָל באַ אײַך עמיצער ניט אַוועק פֿוּן דער וועלט... ניטאָ די נאַכט...

און אַזוי הויבט זיך אָן דער טאָג אַף סטאַנציע שאלאקוּשע. אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿוּנעם קליינעם וואָקזאַלכל איז ליידיק, עטלעכע זיראַנער. אין פּעלצן דרייען זיך אַרוּם איבערן וואָקזאַלישן סעדל, מע זעט נאָך דאָרטן די שפּוּרן פֿוּן וואָוועס בלוּט, נאָר וואָוועס קערפּער האָט מען שוין לאַנג פֿאַרנוּמען פֿוּנדאַנען.

ניט ווײַט, באַ דער רעכטער זײַט פֿוּנעם וואָקזאַל, שטייט אַ גרויסע זיראַנישע שטוּב,— ס'איז די גרעסטע שטוּב אין שאלאקוּשע און דאָרטן שטייט אײַן דער היגער קאָמענדאַנט— אָט דאָרטן אַפֿן טיש ליגט עס וואָווע.

ער ליגט אין דער ליידיקער שטוּב, אַרוּם אים שטייט דוּליע דער טעלעפֿאָניסט, און דוּליע זאָגט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכט, ס'זאָל אים עמיצער אין דער וועלט אַזוי באַנג טאָן, ווי אוּנדזער פּאָליטרוּק גאַבינסקי. און אַלץ איבער דער איינציקער נאַכט, וואָס ער האָט מיטן פּאָליטרוּק הײַנט פֿאַרבראַכט אַף דעם וואָקזאַל. אַז יענער האָט די גאַנצע נאַכט גאָרניט אוּפֿגעהערט זינגען. ער האָט פֿריער געזוּנגען אינײנעם מיט דוּליען, ער האָט נאָכדעם געזוּנגען אַליין—ער האָט אַלץ געוואָלט דאָס שאלאקוּשער מיידל זאָל הערן, ווי מע זינגט דאָרט באַ זיי, הינטער לאַדעמיר... און נאַ, אָט האָסטוּ דיר... איצט וועט ער פֿאַרבלײַבן אַף אייביק אין דער פוילער שאלאקוּשע...

ער גיט עס אַ זאָג, דער טעלעפֿאָניסט דוּליע, און מע זעט, עס אַרט אים ניט, וואָס דערבײַ שטייט דאָס שאלאקוּשער מיידל. נאָר יענע ענטפֿערט אים ניט אָפּ מיט קיין וואָרט. שוין אַ היפּשע צײַט, ווי זי שטייט דאָ באַ דעם קאָמענדאַנט אין דער ליידיקער שטוּב, זי קוּקט אַפֿן טיש, ווּ עס ליגט דער טויטער כאַווער, וואָס איז געקוּמען פֿוּן דער פֿרעמד, און עס דאַכט זיך איר, אַז זי זעט, ווי דער פֿרעמדער כאַווער האָט זיך פֿאַרבענקט צו זיך אַהיים... אָט ליגט ער אַפֿן טיש פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ, די שמאָלע, געלבלעכע וואָגסן ליגן, ווי אַ פּאַסיקל גאָלד, אַף זײַן אויבערשטער ליפּ, די בלאָנדע קאָפּ איז אַביסל צעשויבערט, פֿאָרנט זײַנען עטלעכע האָר צוּנויפֿגעקלעפּט פֿוּנעם פֿאַרטריקנטן בלוּט, נאָר עס איז ניט מער ווי עטלעכע האָר, און ווײַטער איז דאָס פּאָנים, ווי שטענדיק, פֿאַרגאַפֿט און פֿאַרקוּקט, כאָטש ער האַלט די גאַנצע צײַט צוּגעמאַכט די אויגן... נוּ, יאָ, דאָס האָט ער אוּמיסטן צוּנויפֿגעפּרעסט די לאַנגע, גאָלדיקע וויִעס... ער וויל ניט זען, וואָס עס טוּט זיך אַרוּם און אַרוּם... אָט אַזוי טוּט זי דאָך אויך אַמאָל, דאָס זיראַנישע מיידל, אַז סע פֿאַרווילט זיך איר אַוועק פֿוּן שאלאקוּשע...

— איר האָט געקענט דעם כאַווער? איר קאָנט אים שוין לאַנג?—פֿרעגט זיך נאָך דאָס שאלאקוּשער מיידל.

און זי פֿרעגט דאָס באַ יעדן: באַ דוליען, באַ מיִר, זי טוט אַפֿילע אַ פֿרעג באַ דעם קאָמיִסאַר קאליִטאַ. נאָר אונדזער קאָמיִסאַר, אַז ער קומט אַרײַן אַף אַ רעגע איִן דער לײַדיִקער שטוב, הערט ער אויך ניט וואָס סע רעדט צו אים דאָס שאלאקושער מיידל. אַלע האָבן מיר געהערט, ווי ער האָט פֿריִער געהאַט צו טאָן מיט דעם היִגן קאָמענדאַנט, מע האָט זיך געשפּאַרט איִבערן אָרט פֿאַר וואָזעס קיווער און מע האָט אַלץ ניט געקאָנט געפֿיִנען אַזאַ אָרט, ווּהיִן עס זאָל ניִט דערלאַנגען די נעץ פֿון שאלאקושער זומפּ—און נאָך איִצט, אַז מע גראָבט שוין אַ גרוב אינמיִטן סעדל, וואָס אַרום דעם וואָקזאַל—אַפֿיִלע איִצט קאָן נאָך אויך אונדזער קאָמיִסאַר ניִט קומען צו זיִך.

— עך,—זאָגט ער,—ווען ניִט אַזאַ צײַט... ווען אונדזער פאָלק זאָל ניִט דאַרפֿן הײַנטמאָרגן אַ ריִר טאָן פֿון אָרט...

— איִז וואָס וואָלט געווען?—פֿרעגט דאָס שאַלאַקושער מיידל.

דער קאָמיִסאַר קוקט זיִך איִצט ערשט אַרום, אַז ער רעדט מיִטן שאַלאַקושער מיידל, זי שטייט אײַנגעבויגן אַרום דער פֿריִשער היִלצערנער טרונע, וואָס דער געלער בערדיִקער פֿויער האָט נאָך וואָס אַרײַנגעטראָגן איִן דער קאָמענדאַנטיִשער שטוב, זי נייט אַרום מיִט רויטן צײַג דעם היִנטערשטן טייל פֿון דער טרונע—דאָס דעקל פֿון דער טרונע ליגט נאָך דערווײַל באַזונדער איִן אַ זײַט—און אַזוי גייענדיִק פֿרעגט זי איִבער וויִדער:

— איר האָט, דאַכט זיך, געזאָגט עפּעס, כאַווער?...

— נו, יאָ,—רופֿט זיִך אָן קאַליִטאַ,—מע קען דען דערלאָזן, אַז אונדזערער אַ פֿאָליִטרוק זאָל בלײַבן ליִגן אַף אַזאַ סטאַנציע שאַלאַקושע...

הערט דאָס מיידל, ווי מע רעדט הײַנט ניִט גוט פֿון איר סטאַנציע שאַלאַקושע און אַרן אַרט דאָס זי, אַפּאָניִם, גאַנץ שטאַרק, נאָר נאָך מער פֿאַרדריִסט עס זי אַף אײנעם אַ היִגן זיִראַנער, וואָס קומט שוין אַרײַן צום וויִפֿלטן מאָל אַהער איִן שטוב. ס'איז דער באַלעבאָס פֿון דער שטוב, וווּ עס שטייט אײַן דער קאָמענדאַנט, וויִל ער ניִט הערן, ווי דאָס מיידל טרײַבט אים פֿונדאַנעט, ער וויִל ריידן מיִטן קאָמיִסאַר אַלײַן, זאָגט ער, און אָט קומט ער וויִדער און שטעלט זיך אַוועק באַ דער שוועל. מע זעט, ווי עס שטייט דאָרט אַ לאַנגער, מאָגערער זאָקן, זײַנע שטרוייִקע, געל-אָפּגעקראָכענע האָר נעמט קײַן גרויקײַט ניִט, נאָר וואַקסן—וואַקסן זיי אים שלעכט, קוים, וואָס עס קלעקט אַף אַ קליין, שפּיציק בערדל, וואָס הענגט אַראָפּ איִבער דעם לאַנג-אויסגעצויגענעם האַלדז. ער איז דאַר און טרוקן, דער אַלטער זיִראַנער, מיִט די קאַלטע אויגן—אָן ברעמען—קוקט ער זיִך אַרום איִן דער גרויסער, לײדיִקער שטוב און ער קאָן גאָרניִט אָפּרײַסן די אויגן פֿון דעם טויטן וואָווען, וואָס ליגט אַפֿן ברייטן, זיִראַניִשן טיִש.

— ס'איז דאָך פֿאָרט אַ מעס,—טײַט ער מיִט דער האַנט אַהיִן צו וואָווען,—כאָטש פֿון די יונגע, פֿון אײַערע, אָבער פֿאָרט אַ מעס...

און דאָס שאַלאַקושער מיידל פֿאַרשטייט שוין, וואָס ער איִז אויסן. טוט זי פֿלוציִם אַ גיי אָפּ פֿון איר אָרט, זי שטעלט זיִך אַוועק צווישן דעם אַלטן זיִראַנער און וואָווען, וואָס ליִגט אַפֿן טיִש, און זי גיִט אַ זאָג מיט אַזאַ ביִטער פֿאַרדראָס:

— כאַווער קאָמיִסאַר, זאָגט זיי עפּעס, איִך בעט אײַך... זיי וויִלן אַהער ברענגען דעם גאַלעך...

— גייט אַוועק פֿונדאַנען,—גיִט אַ געשריי קאַליִטאַ אַף דעם אַלטן זיִראַנער,—מע וועט זיִך באַגיין דאָ אָן אײַערע גאַלאָכיִם... גייט אַוועק...

נאָר די אַלטע זיִראַנערן, דעם מיידלס מוטער, איִז אויך דאָ דערבײַ. ערגעץ האָט זי איִנדערפֿרי שוין דערהערט, וואָס עס האָט זיִך געטראָפֿן די נאַכט, איִמעצער איִז פֿאַרלאָפֿן איר זאָגן, אַז איר טאָכטער באַווײנט אַ פֿרעמדן מענטשן באַ דעם קאָמענדאַנט איִן שטוב—שטייט איִצט די אַלטע זיִראַנערן אויך באַ דער שוועל פֿון אָט דער שטוב, זי זעט, אַז די טאָכטער איִרע וויינט ניִט, זי שטייט נאָר אַרום דעם ברייטן זיִראַניִשן טיִש און אַפֿן טיִש

ליגט, פֿאַרוואָרפֿן די אויגן אַרויף, אַ יונגער גאָלדזיקער קאָפּ—קוקט די אַלטע זיך איין אין דעם פֿרעמדן געזיכט, זי באַמערקט אַלץ—די שמאָלע אויבערשטע ליפּ, די דינע געלבלעכע וואָנסן—זי גיט נאָר איין קוק אַזוי און עס דאַכט זיך איר, אַז זי פֿאַרשטייט באַלד, וואָס עס האָט דאָ פּאַסירט.

— נו, וואָס-זשע וויינסטו ניט?—גיט זי פּלוצים אַ זאָג צו דער מיידל,—עפּשער האָט דאָס גאָט דיר געשיקט דײַן באַשערטן... ווייַן, טאָכטער, וויין...

— גייט אַוועק אַלע פֿונדאַנען... די מינוט גייט אַוועק...—גיט שוין גאָר אַ צעבייזטער אַ געשריי אונדזער קאָמיסאַר קאַליטאַ.

נאָכדעם שיקט ער דאָס שאַלאַקושער מיידל, זי זאָל גיין געוואָר ווערן, ווי עס האַלט מיט דער גרוב, וואָס מע גראָבט אין וואָקזאַלישן סעדל.

דאָס שאַלאַקושער מיידל גייט אַרויס פֿון דער שטוב, זי שטייט אַ ווײַלע, זי קוקט זיך אַרום און עפּעס ווילט זיך איר גאָר אין דער רעגע ניט אַראָפּ פֿון קאָמענדאַנטס גאַניקל. ס'איז אַ קליין גאַניקל, נאָר מע זעט פֿונדאַנען אַרויס גאַנץ שאַלאַקושע. מע זעט, ווי עס רויכערט נאָך דער שײַער באַ דער זײַט פֿונעם וואָקזאַל, אָט איז רעכטס פֿונעם שײַער דער צעגראָבענער גאָרטן, דאָרטן אַרום האָט דאָס מיידל געפֿירט די פֿרעמדע כאַווייריִם אַף נאַכטלעגער צו איר מוטער אין שטוב און אָט דאָ אַרום איז מען נאָכדעם געלאָפֿן צוריק... שטיל איז דער טאָג אין שאַלאַקושער יישעוו, די גאַס איז פּוסט, עס ציט אַ פֿײַכטלעכער ווינט פֿון די ווײַטע פֿאַרנעפּלטע וועלדער...—וואָס איז דאָ הײַנט געשען?— פֿרעגט דער שטילער שאַלאַקושער טאָג,—וואָס איז הײַנט דאָ געשען?

אָט זעט מען, ווי עס קומען אַרויס מענטשן פֿונעם קליינעם וואָקזאַל, עס ציט זיי אַהין אין דעם סעדל, ווו מע גראָבט איצט אַ קייווער פֿון וואָוועס וועגן, שטייט מען דאָרטן, מע קוקט צו, ווי דער קאָמענדאַנט שטעלט דאָרט אויס דעם קאָנווי פֿון דעם היגן עטאַפּ, ער שטעלט זיי אויס אַרום דער פֿאַרטיקער גרוב און ווײַזט אָן איטלעכן איינעם זײַן אָרט: אָט דאָ וועט מען שטעלן די טרוגע... אָט אָ דאָ וועט ער שטיין—דער קאָמענדאַנט אַליין... און ווי נאָר ער וועט געבן אַ מאַך מיט דער האַנט—הייסט עס, עס איז געקומען די רעכטע צײַט פֿאַרן סאַליוט...

— איר הערט? ער זאָגט: אַ סאַליוט...

— ס'וועט זײַן אַ סאַליוט...

— אַ סאַליוט...

מע איז גרייט צו וואַרטן, אַלע ווילן הערן דעם סאַליוט. און פּלוצים ווערט אַ געלויף. מע אַנטלויפֿט פֿונעם סעדל, מע אײַלט זיך וואָס גיכער אַרויס אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿונעם וואָקזאַל. מע יאָגט, מע שטויסט זיך... עס גייט אַ צוג... אָט נאָרוואָס האָט געקלונגען דער וואָקזאַלישער גלאָק, אַז עס קומט אָן אַ צוג...

און סאַמע אין דער צײַט טראָגן מיר אַרויס פֿונעם קאָמענדאַנטס שטוב אונדזער וואָווען. מיר טראָגן די פֿרישע הילצערנע טרוגע, וואָס עס האָט צונויפֿגעשלאָגן דער היגער, בער-דיקער פויער; דאָס רויטע צײַג, וואָס וויקלט אַרום פֿון אַלע זײַטן די טרוגע, האָט אַרום-גענייט דאָס היגע זיראַנישע מיידל, און מיר—וואָוועס פֿרײַנט—דער קאָמיסאַר קאַליטאַ, דער טעלעפֿאָניסט דוליע און איך—מיר מוזן זיך אײַלן. מיר טראָגן אַראָפּ וואָוען פֿון די עטלעכע טרעפּ, מיר גייען מיט אים דעם קורצן וועג ביז צו דעם וואָקזאַלישן סעדל. און קאַליטא באַפֿעלט אונדז, אַז מיר זאָלן דאָס מאַכן וואָס גיכער. עס גייט אַ צוג און מיר מוזן זיך אײַלן, מיר מוזן אָניאָגן באַלד אונדזער פּאָלק...

און אַזוי צעשיידן מיר זיך מיט אונדזער וואָווע גאַבינסקי. עס הערט זיך שוין ווי באַם סעמאַפֿאָר שרײַט דער אָנגעקומענער צוג, באַלד דערהערט זיך אין דער נאָענט דער בראַזג פֿון די רעדער, אַף דער פּלאַטפֿאָרם איז אַ ליאַרם, אַ געשריי, און דאָ אינעם קליינעם וואקזאַלישן סעדל געזעגענען מיר זיך אַפּגיך מיט אונדזער פּאָליטרוק. אט זעט מען ווי

דער קאָמענדאַנט גיט אַ ווונק צו די רויטארמייער פֿון דעם היגן עטאַפּ. אין די אויגן גיט זיך אַ וואָרף אַ קורצער, ציטערדיקער בליק און עס דערהערט זיך איבער גאַנץ שאַלאַקושע אַ שאָס פֿון צוועלף ביקסן מיטאַמאל... און אין דערזעלבער רגע דערהערט מען פֿון דער פלאַטפֿאָרם אַ לאַנגן צעצויגענעם פֿײַף.

דער צוג פֿאָרט באַלד אָפּ, מיר מוזן זיך אײַלן צום צוג...

מיר זײַנען נאָר וואָס ארײַן אין וואַגאָן, דער צוג דאַרף אָט-אָט שוין רירן און פלוצים: מע רופֿט, עמיצער פֿון אונדז זאל אַרויס צוריק אַף דער פלאַטפֿאָרם...

— שיקט אַרויס דעם קאָמיסאר, דעם קאָמיסאַר,—גיט מען איבער אין וואַגאָן אַרײַן פֿונדרויסן.

שטופּט זיך קאַליטאַ צווישן דעם אוילעם, ער שטעלט זיך אַפֿן טרעפּל פֿונעם וואַגאָן און דערזעט מיטאַמאָל דאָס שאַלאַקושער מיידל. זי איז שטאַרק צעהיצט פֿונעם לויפֿן, אפֿן פּאָנים אירן זעט מען, אז זי האָט ניט לאַנג ערשט געוויינט׳ נאָר איצט דאַרף זי זאָגן עפּעס א נויטיקע זאַך און זי רעדט אפּגיך. עס האָט זי געשיקט, זאָגט זי, דער היגער קאָמענדאַנט. מע האָט זיך נאָר וואָס ארומגעקוקט, אַז קיינער אין שאַלאַקושע ווייסט ניט דעם געשטאָרבענעמס נאמען. איז וואָס-זשע וועט מען אופֿשרײַבן באַלד אַפֿן קייווער?.. זאָגט דעם נאָמען, דעם נאָמען...

איצט פֿאַרגלוסט זיך דעם קאָמיסאַר אונדזערן, אַז אלץ זאָל זײַן ווי מע דאַרף.

— פֿאַרשרײַבט!—שרײַט ער פֿונעם וואַגאָן-טרעפּל צום שאַלאַקושער מיידל,—פֿאַרשרײַבט אַלץ, וואָס איך וועל אײַך זאָגן...

און ביזוואַנען דאָס שאַלאַקושער מיידל פֿאַרשרײַבט אַלץ נאָכאַנאַנד: דעם נאָמען פֿון אונדזער פאָלק, דעם באַטאליאָן און די ראָטע, ווו וואָווע איז געווען פֿאַר אַ פּאָליטרוק— הויבט אָן רירן דער צוג.

— איר האָט ניט געזאגט דעם נאָמען, דעם נאָמען!—שרײַט דאָס שאַלאַקושער מיידל, און זי לויפֿט שוין נאָך דעם צוג.

דעמלט מוז שוין אונדזער קאָמיסאַר אויסשרײַען הויך אַף אַ קאָל אַזוי, אז אַלע זאָלן הערן:

— פֿאַרשרײַבט: וואָווע גאַבינסקי... וואָווע גאבינסקי...

דער צוג לויפֿט און אין דער שטילער שאַלאַקושער לופֿט טראָגט זיך:

— גאַ-בינ-סקי... גאַ-בינ-סקי...

דער נאָמען בלאָנדזשעט א צײַט אַ־נדערלופֿטן, נאָכדעם טוט ער אַ פֿאַל אַף דער סטאַנציע שאַלאַקושע און דאָרטן בלײַבט ער.

ה. קאמענעצקי.

# אִין אזעלכע שאָען...

דִי צײַט פֿון אָפּרוּ גייט צוּ בִיסלעכווײַז אַוועק,
ס'אִיז נאָך איין וואָך אונדז אָפּרוען געבלִיבן,
און פֿאַר דִי אַלע טעג
מִיר האָבן אִיצטער זיך צוּנױפֿגעקלִיבן
דעם העלן טאָג, באַגלייטן אִין זײַן וועג.

און דִי וועראַנדע אונדזערע אִיז פֿוּל
און אִיז אַרומגעפּלאַנצט מִיט קעדרעס מִיט לִיוואַנער,
אִין ווִינקל זִיצט אַזוי דער בלאָנדער ראָסיאַנער,
ער זִיצט און שמייכלט צום באַהעלטן האָרִיזאָנט
און רעדט צוּ זִיך עפּעס און לאַכט אִין וואָנץ...

נאָר קיינעם אַרט עס נִיט,
ס'אִיז יעדערער פֿאַרנומען,
ווײַל געסט אַזעלכע זײַנען הײַנט געקומען,
אָט שטיי אִיך אוּף און גִיב אַ פֿאָכע מִיט דער האַנט
און גרִיס דער כאַווערטע פֿון שפּאַניען דאָס לאַנד.

און זִי, דִי שפּאַניערן, דִי לִיכטִיקע און דִינע,
הויבט אָן צוּ שפּילן אַף דער אַלטער מאַנדאָלִינע,
זי שפּילט אַ פֿריידִיקע בִיז הִיץ און גלי
פֿאַר אונדזער לאַנד און פֿאַר באַפֿרײַטער מי.

מִיר בלײַבן שטיין אַזוי,
מִיר ווערן שטִיל,
דִי קלאַנגען קײַקלען זִיך
פֿון דִיל צוּ דִיל.

קײַן פֿויגל פֿלאַטערט נִיט
פֿון שטאַם צוּ שטאַם,
פֿון אונטן שטוּ־עמט נאָך
דער שוואַרצער יאַם.

דִי כוואַליעס רײַסן זִיך
פֿון ברעג אַרויס.
מִיר ווערן קליין אַזוי
און ווִידער—גרויס...

און זי פֿאַרענדיקט מיט אַ ווייכער סערענאַדע
און קלאַנגען פֿאַלן איבער ווייַסע קאַלאָנאַדעס.

אַזוי הילכט אויף אַ פֿלעסקערייַ פֿון הענט
און ס׳רוישן ציטעריק די קעדרעס די ליוואַנער,
אין ווינקל זיצט נאָך אַלץ דער דולער ראָסיאַנער,
ער זיצט און שמייכלט צום באַהעלטן האָריזאָנט
און עפּעס מורמלט ער און לאַכט אין וואָנץ...

נאָר קיינעם אַרט עס ניט,
און אָט די אויסלענדישע אַרבעטער-טוריסטן—
מיר הויבן אָן אַפּסנייַ זיי צו באַגריסן,
שטייט אויף דער מילדער איטאַליענער צווישן אונדז
און זינגט אַ ליבגעזאַנג דער אָונטדיקער זון.

איך ווער אַנטשוויגן גלייַך,
איך שטיי געלוימט,
די בלעטער ציטערן
אַף יעדן בוים.

אין הויכע ראַכוועסן
קלינגט אָפּ זייַן ליד,
און טיף אין בלוט באַ מיר
אַ צאַרטקייַט גליט.

אָט רייַסט זיך אָפּ פֿון מיר
מייַן שוואַרצער קאָפּ,
אין העלע אָפּגרונטן
איך פֿאַל אַראָפּ.

און ס׳ווייען ציטעריק די קעדרעס די ליוואַנער,
און דאָרטן לאַכט נאָך אַלץ דער דולער ראָסיאַנער.

ס׳איז שטיל.
דער איטאַליענער ענדיקט דאָס געזאַנג
ווערט ווידער ראַשיק אַרום אַלע טישלעך,
כ׳וויל בעטן נאָכאַמאָל אַ קורצן וואָרט,
נאָר ס׳האָט מייַן טיף גענומען זיך צעמישן
און כ׳גיי צוריק און זעץ זיך אַף מייַן אָרט.

די זון צום פֿעלז דערקייקלט האָט זיך נאָענט,
ס׳נעמט ווערן טונקעלער, איך זיך פֿאַרקלערט
און דאַנק, און דאַנק פֿאַר אָט אַזעלכע שאָען
ווען זיך אַליין פֿאַרזע איך אַף דער ערד...

ה. בלאָשטיין.

# אַף ברענענדיקע ערדן.

פֿאַרבײַ שוין לאַנג דער שטילשטאַנד—און אַף שטורעם
אין רויטע האָרנס שאַלן טרײַע וואַכן—
ציִען זיך אין שלענגלדיקע שורעס
אַף גאָר דער ערד אָנגרײַפֿנדיקע מאַכנעס.

אַף מאָלצײַט בלוטיקן דער סוינע האָט פֿאַרבעטן—
איז גייט מען דרייסט און צוגעגרייט, און מונטער,
און ס׳רײַסן איבער אונדז זיך אויף ראַקעטן
פֿון העלדישע און פֿלאַקערדיקע בונטן!

אין אַפֿריקע, אין אַזיע, אין אייראָפּע
און אין אַמעריקע—די פֿאָן איז אָנגעצויגן!
באַם גרויסן מאָרגן שטייען מיר צוקאָפּנס
מיט ברייט-צעעפֿנטע, מיט אויפֿגעריכטע אויגן...

און יעדע רעגע איצט—אַ שאַרפֿער שטאָל איז,
און ס׳זײַנען טעג—נישט טעג, נאָר בלאַנקע שווערדן!
און מיר—אין בראַנד, מיט קינדער באַ די פּאָלעס,
מיט אויפֿעלעך באַם ברוסט—אַף ברענענדיקע ערדן!—

איז וועמענס מויל וועט איצט זיך ניט פֿאַרקראַמפֿן
אין שאַרפֿן פֿלוך אַף טרוסן און פֿאַרעטער—
ווען רויטער האָרן רופֿט אין שטורעמדיקע קאַמפֿן,
ווען סוינע האָט אַף מאָלצײַט בלוטיקן פֿאַרבעטן!

ד. רובינשטיין.

# דער צושטאנד און די אַנטוויקלונג פון די יידישע קאָלווירטן אין ו.ס.ס.ר.

מאַרקס האָט אונדז געלערנט:

„אַ פאָלק קען ניט זיין פריי, ווען ער אונטערדריקט אַנדערע פעלקער“.

דער לענינגיזם האָט דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנערן עמעס פאַרטײַפט, באַרײַכערט, און די באָלשעוויקעס האָבן אים פאַרווירקלעכט אין לעבן. צוזאַמען מיט דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען די נאַציאָנאַלע באַפרײַונג פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער, וואָס געפינען זיך איצט אין סאָוועטן-פאַרבאַנד.

באַפרײַען די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן האָט מען באַדאַרפט ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך עקאָנאָמיש. די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט זיך גלײַך פון די ערשטע יאָרן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע גענומען ענערגיש און אַנטשלאָסן פאַר דערדאָזיקער אַרבעט. איינע פון די מאָסמיטלען, קעדיי עקאָנאָמיש געזונט צו מאַכן די סאָציאַלע סטרוקטור פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, איז געווען די ערדאײַנאָרדענונג. דער ערדאײַנאָרדענונג פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן ווידמעט די סאָוועטנמאַכט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט. ו.ס.ס.ר. איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט אַפן טאָגאָרדענונג די פראַגע וועגן אַ פלאַנמעסיקער יידישער ערדאײַנאָרדענונג.

אינם באַשלוס, וואָס דער צ.א.ק. פון ו.ס.ס.ר. האָט אַרויסגעגעבן זומער 1924 יאָר, ווערט געזאָגט:

„די לאַנגדויערנדיקע רעדיפעס און גזיירעס האָבן פאַרצאַמט דעם וועג פאַר די יידישע האָרעפאַשנע מאַסן אין אַ גאַנצע ריי געביטן פון פראָדוקטיווער אַרבעט. די יידן זײַנען געווען פאַרשפאַרט אין די גובערניעס פון תּחום. נאָר אַפילע אין דידאָזיקע גובערניעס האָבן זיי ניט געהאַט קיין רעכט צו באַזעצן זיך, אַחוץ אין די שטעטלעך און שטעט. יידן איז געווען פאַרבאָטן צו באַזיצן ערד. אַפילע צו וווינען אין דאָרף“.

אין באַשלוס פון צ.א.ק. איז געזאָגט:

„ווי באַגרענעצט דער פרײַער ערד-פאָנד אין ווײַסרוסלאַנד זאָל ניט זײַן, האַלט דאָך דער פרעזידיום פון צ.א.ק., אַז אַפן דאָזיקן פראָנט האָבן גלײַכע רעכט צוזאַמען מיט דער אָרטיקער פויערישער באַפעלקערונג אויך יענע, וועמען די באַגרענעצונג-געזעצן פון דער צאַרישער רעגירונג האָבן פאַרצאַמט דעם צוטריט צו ערד“.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז אויך איבערגעאַרבעט געוואָרן דער ערד-קאָדעקס, לויט וועלכן די נויטבאַדערפטיקע פון די יידישע אַרבעטנדיקע און אָרעמע מאַסן האָבן דאָס רעכט צו באַקומען ערד אין דער ערשטער ריי.

די יידישע קאָלווירטן זײַנען אַזוי אַרום אַ רעזולטאַט פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. די יידישע ערדאײַנאָרדענונג האָט פאַרוואַנדלט אַ גרויסע צאָל אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן אין פראָדוקטיווע קויכעס פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג, האָט זיי געגעבן די מעגלעכ-

קײַט צו רײַסן מיטן אַלטן שטייגער און בויען צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטנדיקע אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד דעם גרויסן סאָציאַליסטישן בּיניען.

דער יידישער פויער און קאָלעקטיוויסט האט זיך גוט אַרויסגעוויזן אין דער ווירטשאַפֿט. וועגן דעם זאָגן איידעס די פֿאַקטן, וואָס די יידישע קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן האָבן באַקומען אַף די ראַיאָנע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אויסשטעלונגען 84 אויסצייכנונגען און אַ גאַנצע ריי באַוווסטע אַגראָנאָמישע טוער האָבן אַרויסגעזאָגט די בעסטע מיינונג וועגן דער אַרבעט פֿון די יידישע קאָלעקטיוון. אין דער גרעסטער צאָל יידישע קאָלווירטן אַרבעט שוין דער טראַקטאָר, זייערע ווירטשאַפֿטן ווערן מאַשיניזירט.

ווען מיר ריידן וועגן דער ערדאײַנאָרדענונג פֿון די יידישע אַרבעטנדיקע אין וו.ס.ס.ר. דאַרף מען אונטערשטרײַכן, אַז דידאָזיקע ערדאײַנאָרדענונג איז פֿון אָנהויב אָן, מיטן אויסנאָם פֿון באַזונדערע פֿאַלן, געגאַנגען אַפֿן וועג פֿון קאָלעקטיוויזאַציע.

## וווקס פֿון די יידישע קאָלווירטן.

אין 1924 י. זײַנען אין סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד געווען אײַנגאַנצן 31 יידישע קאָלווירטן מיט 336 פֿאַמיליעס און 1590 נעפֿאַשעס. פֿון 1924 י. ביזן 1929 י. האָבן מיר גוואַלדיקע דערגרייכונגען אַפֿן געביט פֿון דער פֿאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג פֿון די יידישע קאָלווירטן אין וו.ס.ס.ר. צום אָנהויב 1930 י. זײַנען אין וו.ס.ס.ר. געווען 245 יידישע קאָלווירטן מיט אַ פֿאַרזיי-שעטעך פֿון 30372 העקטאַר ערד. די צאָל יידישע קאָלווירטן איז געווען אַ באַדײַטנדיק גרעסערע און האָט שוין געהאַט דערגרייכט איבער 300. די פֿאַרקלענערונג דערקלערט זיך ניט מיט דעם, וואָס ס'זײַנען זיך צעפֿאַלן די איבעריקע יידישע קאָלווירטן, נאָר מיט דעם, וואָס פֿאַר דער צײַט איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט אַפֿן געביט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזירן די יידישע קאָלווירטן און אַ גרויסער טייל פֿון זיי האָט זיך שוין אַרײַנגעגאָסן אין די אַלגעמיינע קאָלווירטן. בלויז פֿאַרן 1929 י. זײַנען אין ווײַסרוסלאַנד אָרגאַניזירט געוואָרן 47 יידישע קאָלווירטן מיט אַ שעטעך פֿון 11.638 העקטאַר ערד, אין די קאָלווירטן זײַנען געווען 733 פֿאַמיליעס מיט 3371 נעפֿאַשעס. פֿאַרן לעצטן יאָר האָט מען אָרגאַניזירט קאָלווירטן מיט אַ גרעסערן שעטעך ערד, ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן. דידאָזיקע ליניע איז געווען אין אײנקלאַנג מיט דער גאַנצער פּאַרטיי-פּאָליטיק אין דער קאָלווירט-בויונג, וועלכע האָט גענומען אַ קורס אַף שאַפֿן מעכטיקע קאָלווירטן, וואָס זאָלן בעעמעס פֿאָרשטעלן מיט זיך סכוירעדיקע ווירטשאַפֿטן. אויב אין 1928 יאָר האָט דער דורכשניטלעכער שעטעך פֿון אַ יידישן קאָלווירט באַטראָפֿן 123,5 העקטאַר ערד, באַטרעפֿט ער שוין אין 1929 י. 245,5 העקטאַר, ד. ה. אַ ווּוקס אַף 100%.

אין זין פֿון ערד-שטאָכים זײַנען די יידישע קאָלווירטן באַזאָרגט ניט שלעכט און זיי וואָלטן געקאָנט לויטן פֿאַרנומענעם שעטעך באַדײַטנדיק פֿאַרגרעסערן די צאָל פֿאַמיליעס. פֿאַרן לעצטן יאָר איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט פֿון קאָמפּלעקטירן די יידישע קאָלווירטן.

אויב צום ערשטן יול 1929 יאָר איז אויסגעפֿאַלן אַף איין מענטש אין יידישן קאָלווירט 3,12 העקטאַר ערד, באַטרעפֿט שוין דידאָזיקע צאָל צום 1-טן יאַנוואַר 1930 י. 2,25 העקטאַר ערד. אַף אַזאַ אויפֿן איז באַדײַטנדיק פֿאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל מישפּאָכעס אין די יידישע קאָלווירטן.

## סאָציאַלער באַשטאַנד פֿון די יידישע קאָלווירטן.

אין דעם גרעסטן טייל יידישע קאָלווירטן איז דער סאָציאַלער באַשטאַנד פֿון די קאָלווירטניקעס מער-ווייניקער אַ באַפֿרידיקנדיקער. בלויז די ציפֿער פֿון 39,6% הענדלער און אַנד. אין וויטעבסקער קרײַז און 37,4% הענדלער און אַנד. אין באָברויסקער קרײַז ריידן

דערפאַר, אַז אין דידאָזיקע קרייזן זײַנען די ייִדישע קאָלווירטן אין אַ גרויסער מאָס פאַרמיסטיקט. פאַרשטייט זיך, אַז צווישן דידאָזיקע הענדלער און אַנד. איז אויך פאַראַן אַ באַדײַטנדיקע צאָל פון דער ייִדישער אָרעמקײַט, וועלכע האָט זיך אין די פריערדיקע יאָרן פאַרנומען מיט קליינעם האַנדל און ניט געהערט צו די עקספּלואַטאָרישע שיכטן. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז אַ טייל ייִדישע קאָלווירטן זײַנען פאַרמיסטיקט געוואָרן מיט געוועזענע גרויסע הענדלער, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון צאָלן שטײַערן דעם פאָלקאָמפּין, אויפשטעלן זיך אין די וואַל-רעכט, אײַנאָרדענען די קינדער אין די שולן א. ד. ג.

דער רעכטער אָפּנויג, וועלכער האָט געהאַט אַן אָרט אין דער ייִדישער אַרבעט, האָט אומפאַרמײַדלעך געמוזט דערפירן צו דעם, ס'זאָל ניט דורכגעפירט ווערן די קלאַסן-דיפערענצירונג באַם אָפּקלײַבן די ייִדישע קאָלווירטניקעס. מען האָט זיך ניט וואַכזאַם באַצויגן צו דער סאָציאַלער לאַגע פון די נײַע קאָלווירטניקעס. אין רעזולטאַט פון דעם האָבן מיר אַ פאַרמיסטיקונג פון אַ באַדײַטנדיקן טייל ייִדישע קאָלווירטן.

דורך דער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק זײַנען אויפגעדעקט געוואָרן די פעלערן אין דער ייִדישער ערדאײַנאָרדענונג. אונטערן פײַער פון זעלבסטקריטיק זײַנען גענומען געוואָרן די באַשטימונגען פון ערשטן אַלווײַסרוסישן „געזערד"-צוזאַמענפאָר, די אַרויסטרעטונגען פון באַזונדערע כאַווייריִם מיט ניט קיין ריכטיקער פאַרטעישער אײַנשטעלונג. די קאָמפראַקציע באַם „ווײַסגעזערד" האָט אין אַ ספּעציעלער באַשטימונג אָנגעוויזן אַף די רעכט-אָפּאָרטוניסטישע אײַנשטעלונגען אין די רעזאָליוציעס פון ערשטן אַלווײַסרוסישן „געזערד"-צוזאַמענפאָר און אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער ברייט די פראַגע וועגן אויסגלײַכן די קלאַסן-ליניע אין דער אַרבעט פון די „געזערד"-אָרגאַניזאַציעס.

אין רעזולטאַט פון דערדאָזיקער קריטיק האָבן מיר ווײַטערדיקע דערגרייכונגען אין דער ייִדישער ערדאײַנאָרדענונג. אין אַ גאַנצע ריי קרײַזן ווערט שוין דורכגעפירט די ריינקונג פון די ייִדישע קאָלווירטן. די ריינקונג איז ענג פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם צוקאָמפּלעקטירן די ייִדישע קאָלווירטן אַפּן כעשבן פון דער שטעטלדיקער אָרעמקײַט און אַרבעטנדיקע.

## די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון די ייִדישע קאָלווירטן.

דער מעכטיקער טעמפּ פון קאָלעקטיוויזאַציע אין ו.ס.ס.ר. און דער איבערגאַנג צו דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע פון גאַנצע דאָרפסאָוועטן, רײַאָנען און קרייזן שטעלט פאַר אונדז די פראַגע וועגן אָפּשאַפן די קליינע אָפּגעשלאָסענע ייִדישע קאָלווירטן און פאַרגרעסערן זיי סײַ אַפּן וועג פון צונויפגיסן זיי מיט די שכיינעסדיקע קאָלווירטן, סײַ דורך אַרײַננעמען אין די ייִדישע קאָלווירטן צוזאַמען מיט דער ייִדישער שטעטלדיקער אָרעמקײַט אויך די ניטייִדישע דאָרפישע אָרעם-און מיטל-פויערישע באַפעלקערונג, פאַרגרעסערנדיק דערבײַ די ערד-שטאָכים פון די קאָלווירטן. עס קען דאָך ניט געמאָלט זײַן, אַז אין דערזעלבער צײַט, ווען די פאַרטיי און די סאָוועטן-מאַכט האָט גענומען אַ קורס אַף שאַפן מעכטיקע קאָלווירטן, סכוירעדיקע לאַנדווירטשאַפטן, זאָלן עקזיסטירן די ייִדישע קאָלווירטן אַלס קליינע ווירטשאַפטן, וועלכע האָבן אָפטמאָל ניט קיין עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון פאַר זייער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג.

ווי גייט די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון די ייִדישע קאָלווירטן? לויט די ניטפולע ידיעס פון די קרײַזן אין ווייסרוסלאַנד זײַנען ביז דעם 1-טן יאַנואַר 1930 י. אינטערנאַציאָנאַליזירט געוואָרן 26 ייִדישע קאָלווירטן מיט 239 פאַמיליעס. לויט די ידיעס ביז מאַרט כוידעש ד. י. זײַנען שוין געווען אַרום 45 אינטערנאַציאָנאַליזירטע קאָלווירטן מיט 600 ייִדישע פאַמיליעס. אַכוץ דעם זײַנען פאַרגרעסערט געוואָרן 11 ייִדישע קאָלווירטן דורך צונויפגיסן זיי מיט די שכיינעסדיקע קאָלווירטן.

אין דער נאָענטסטער צײַט וועט די צאָל אינטערנאַציאָנאַליזירטע קאָלווירטן זיך באַדײַטנדיק פֿאַרגרעסערן סײַ אין צאָל, אַזוי אויך אין פֿאַרנעם פֿון די ערד-שטאָכים.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פֿון די יידישע קאָלווירטן איז דאָס, וואָס באַזונדערע יידישע קאָלווירטן ווײַזן אַליין אַרויס אַ גרויסע אַקטיווקײַט אַף אַרײַנציִען די אַרומיקע פּויערים אין קאָלווירט. אין דעם יידישן קאָלווירט „נײַער לעבן", סמאָלעוויטשער ראַיאָן, זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַסאַך פּויערים פֿון די יעשוווים אַלס מיטגלידער פֿון קאָלווירט. בלויז פֿאַר איין אָונט האָט מען אין דעמדאָזיקן קאָלווירט אַרײַנגענומען 40 אָרעמע און מיטעלע פּויערים פֿון די אַרומיקע יישוווים. אין קאָלווירט אַף לענינס נאָמען, מינסקער קרײַז, האָבן די יידישע קאָלווירטניצעס אַקטיוו געאַרבעט און אויפֿגעקלערט די נײַע אַרײַנגעטראָטענע פּויערטעס וועגן דער נויטיקײַט צו פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכן די פּראָדוציר-מיטלען, און די רעזולטאַטן פֿון דערדאָזיקער אַרבעט זײַנען גלענצנדע. אַדאַנק דער אַקטיווער אַרבעט פֿון דער קאָמיוגישער קעמערל און פֿון די קאָלווירטניקעס געפֿינען זיך איצט אין דעמדאָזיקן קאָלווירט אַנשטאָט די פֿריערדיקע 9 יידישע פֿאַמיליעס—100 פֿאַמיליעס. דער קאָלווירט האָט שוין אין האַרבסט פֿאַרזייט קאָרן אַף די פֿאַרייניקטע פֿעלדער און פֿאַרזעצט אַרום 12 העקטאַר סאָד. עס גייט אויך גוט די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע-אַרבעט אין פּאָלאָצקער און וויטעבסקער קרײַזן. קימאַט אין אַלע קאָלווירטן ווערן איינשטימיק אָנגענומען רעזאָליוציעס וועגן דער נויטיקײַט פֿון אינטערנאַציאָנאַליזירן די יידישע קאָלווירטן.

אָבער צוגלײַך מיט דעם האָבן מיר אויך אַ ריי נעגאַטיווע דערשײַנונגען באַם אינטערנאַציאָנאַליזירן די יידישע קאָלווירטן. דער יידישער באַלעגוף און נעפּמאַן, ווי אויך די קלעריקאַלע עלעמענטן, טרעטן אַרויס קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פֿון די יידישע קאָלווירטן, פּרוּוון באַווירקן אַ טייל פֿון די יידישע אַרבעטנדיקע פּויערים, קעדיי צו שאַפֿן אַן „איינהײַטלעכן פֿראָנט" אינעם יידישן קאָלווירט קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע. די באַלעגופֿיש-נעפּמאַנישע עלעמענטן טוען עס דערפֿאַר, ווײַל זיי ווילן אַרונטערײַסן די סאָציאַליסטישע איבערבויונג פֿון דאָרף דורך אָפּשוואַכן די ווירטשאַפֿטלעכע פֿעסטקײַט פֿון די יידישע און אינטערנאַציאָנאַלע קאָלווירטן. די קאַפּיטאַליסטיש-קלעריקאַלע עלעמענטן פּרוּוון שאַפֿן אַ שטימונג צווישן די יידישע קאָלווירטניקעס קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע און דערצו נוצן זיי אויס אין זייער אַנטיסאָוועטישער אַגיטאַציע אַזעלכע דעמאַגאָגישע מאָמענטן: „אונדזער קאָלווירט—טײַנען זיי—איז שוין אַן אַלטער, ער האָט שוין אַ ווירטשאַפֿטלעכע אָנזאַמלונג. אין אינטערנאַציאָנאַלן קאָלווירט וועלן מיר פֿאַרטאַכלעכן דעם פֿאַרמעגן און די ווײַסרוסישע פּויערים וועלן קומען צו אונדז אַף אַלעם פֿאַרטיקן. אין אינטערנאַציאָנאַלן קאָלווירט וועלן ניט קלעקן קײַן פּראָדוקטן פֿאַר די יידישע קאָלווירטניקעס אַף דורכלעבן זיך ביז דער נײַער גערעטעניש". זיי פּרוּוון אויך אין זייער אַגיטאַציע דערקלערן, אַז די יידישע קאָלווירטניקעס וועלן זיך קלוימערשט ניט קענען פֿאַרמעכטן מיט די ווײַסרוסישע קאָלווירטניקעס און דאָס וועט שאַפֿן אַ לאַגע, אַז דער יידישער קאָלווירטניק זאָל אַרויסגעשטויסן ווערן פֿונעם קאָלווירט. דערבײַ, פֿאַרשטייט זיך, נוצן אויס די קלעריקאַלע עלעמענטן אויך רעליגיעזע מאָמענטן.

באַזונדערס אַקטיוו איז דער ווידערשטאַנד קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע מיצאַד יענע יידישע קאָלווירטן, וואָס זײַנען שטאַרק פֿאַרמיסטיקט מיט סאָציאַל-פֿרעמדע עלעמענטן.

ביכלאַל דאַרף מען זאָגן, אַז די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פֿון די יידישע קאָלווירטן ווערט אָפּטמאָל דורכגעפֿירט סטיכעיש, אָן וועלכער עס איז אָנפֿירונג און געהעריקער צוגרייטונג מיצאַד די סאָוועטישע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אַ פֿאַקט, אַז אין די יידישע קאָלווירטן, ווו עס איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ ברייטע אויפֿקלערונג-אַרבעט, ווו פֿאַרן יידישן קאָלווירטניק איז געווען קלאָר די גרויסע פּאָליטישע און ווירטשאַפֿטלעכע באַדײַטונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע, זײַנען די יידישע קאָלווירטניקעס אײַנגאַנצן

מאַסקים געווען מיט דעמדאָזיקן מאָסמיטל און אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד די קלאַסן-פייַנטלעכע אַרויסטרעטונגען. די קלאַסן-פייַנטלעכע אַגיטאַציע קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון די יידישע קאָלווירטן האָט געהאַט אַ דערפאָלג באַזונדערס דאָרט, ווו עס איז שוואַך דורכגעפירט געוואָרן די אויפקלערונג-אַרבעט.

ווי שוואַך עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אויפקלערונג צווישן די יידישע קאָלווירטניקעס וועגן דער נויטיקייט און באַדייַטונג פון דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע באַווייַזן אַ ריי פאַקטן. אָט ברענגען מיר זייער אַ כאַראַקטעריסטישע אַרויסטרעטונג פון אַ יידישן קאָלווירטניק אין קלימאָוויטשער ראַיאָן:

„באַ אונדז איז נאָך קיין פאַרזאַמלונג וועגן פאַרגרעסערן דעם קאָלווירט ניט פאָרגעקומען. קיינער פון אונדז ווייס ניט קלאָר וועגן וואָס עס רעדט זיך, אָבער אויב ראָס איז אַ געזעץ, וואַרפן מיר זיך אונטער“.

אָבער ניט געקוקט אַף דער באַלעבאַטיש-געפּמאַניש-קלעריקאַלער אַגיטאַציע, ניט געקוקט אַף אַלע באַזונדערע פאַלן פון שאָוויניסטישע אַנטפּלעקונגען, גייען די יידישע קאָלווירטניקעס גערן אַף אינטערנאַציאָנאַליזאַציע.

## פאַרשטאַרקן דעם פּאַרטעישן און קאָמיוגישן יאָדער אין די יידישע קאָלווירטן.

אין 235 יידישע קאָלווירטן האָבן מיר אינגאַנצן 93 קאָמוניסטן און 414 קאָמיוגיסטן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ נישטיקער פּאַרטעיש-קאָמיוגישער יאָדער קען ניט פאַרזיכערן די פולקומע פּאַרטעישע אָנפירונג מיט די יידישע קאָלווירטן. מיט דעם דערקלערט זיך אויך די קליינע צאָל קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן אין די פאַרוואַלטונג-אָרגאַנען פון די יידישע קאָלווירטן. צווישן די 739 מיטגלידער פון די קאָלווירט-פאַרוואַלטונגען האָבן מיר סאַכאַקל 51 קאָמוניסטן און 50 קאָמיוגיסטן. אין די רעווידיר-קאָמיסיעס זייַנען פאַראַן—69 קאָמוניסטן און 37 קאָמיוגיסטן. דידאָזיקע ציפערן באַווייַזן שוין גאַנץ קלאָר, ווי שוואַך עס איז די פּאַרטעישע אָנפירונג אין די יידישע קאָלווירטן. מיר האָבן אַ גרויסן טייל יידישע קאָלווירטן, ווו עס זייַנען ביכלאַל ניטאָ קיין פּאַרטייער און די געציילטע קאָמיוגיסטן זייַנען ניט צוגעפּעסטיקט צו אַנדערע דאָרפישע קאָמיוגישע קעמערלעך.

די שוואַכקייַט פון דעם פּאַרטעישן יאָדער אין די יידישע קאָלווירטן דערקלערט זיך מיט אַ גאַנצע ריי סיבעס. ביז איצט האָט מען זיך פאַרנומען מיט אַלע פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייַכעס צו דער בויונג פון די יידישע קאָלווירטן. אָבער די פראַגע וועגן פאַרשטאַרקן די פּאַרטעישע אָנפירונג מיט זיי, די פראַגע וועגן שאַפן אַ פּאַרטעישן שטיקפונקט אינעם קאָלווירט, איז פאַרבייַגעלאָזן געוואָרן.

פאַר די קאָלווירט-קעמערלעך און פאַר די רייַאָנע פּאַרטיי-קאָמיטעטן שטייט באַם איצטיקן מאָמענט אַן אויפגאַבע—פאַרשטאַרקן די פּאַרטעישע אָנפירונג מיט די יידישע קאָלווירטן און באַזונדערס לייגן אַכט אַף שאַפן אין די יידישע קאָלווירטן אַ פּאַרטעיש-קאָמיוגישן אָנשפּאַר, וועלכער זאָל קענען דורכפירן די פּאַרטיי-דירעקטיוון אַף זייער אָפשניט פון אַרבעט.

## די פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוציר-מיטלען אין די יידישע קאָלווירטן.

די פּראָדוקטיווע אַרבעט-פי און די פּראָדוציר-מיטלען פון די יידישע קאָלווירטן זייַנען קימאַט אינגאַנצן פאַרגעזעלשאַפטלעכט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס פאַר דער גאַנצער צייַט פון דער עקזיסטענץ פון די יידישע קאָלווירטן איז פון אָנהויב אָן דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט אַפן געביט פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן די פּראָדוקטיווע פי

און די פּראָדוציר-מיטלען. די פּראָדוציר-מיטלען און פּראָדוקטיווע פֿי זײַנען אַף 95 פּראָצ. פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכט.

אַ ספּעציפֿיש קרענקלעכע דערשײַנונג אין די יידישע קאָלווירטן איז דאָס, וואָס אַ גאַנצע ריי יידישע קאָלווירטניקעס האָבן נאָך ניט ליקווידירט זייער פֿאַרמעגן אין די שטעטלעך, אָדער שטעט. די גרעסטע צאָל יידישע קאָלווירטניקעס זײַנען געקומען אָדער פֿון שטעטל, אָדער פֿון די שטעט פֿון ווײַסרוסלאַנד. בײַ אַ גרויסן טייל פֿון זיי זײַנען נאָך פֿאַרבליבן פֿאַרשיידענע הײַזלעך, וועלכע זײַנען ניט איבערגעגעבן אָדער טיילווײַז ניט איבערגעגעבן אין רעשוס פֿונעם קאָלעקטיוו.

## די קאַפּיטאַלן פֿון די יידישע קאָלווירטן און זייערע כויועס.

די כויועס פֿון די 235 יידישע קאָלווירטן אין ווײַסרוסלאַנד האָבן דעם ערשטן יול 1929 י. באַטראָפֿן: די מעלוכישע, קאָאָפּעראַטיווע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס— 1 מיליאָן 711.071 רובל., וואָס עס מאַכט אויס אין דורכשניט 7281 ר. אַף יעדן קאָלווירט. אויטערדעם קומען די יידישע קאָלווירטן אַסאַך כויועס פּריוואַטע פּערזאָנען. די כויועס פֿון די יידישע קאָלווירטן זײַנען אַסאַך גרעסערע, ווי פֿון די אַלגעמיינע קאָלווירטן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין די יידישע קאָלווירטן זײַנען אַרײַנגעטראָטן די יידישע אַרבעטנדיקע און די אָרעמקײַט אָן וועלכע עס איז פּראָדוציר-מאַכשירים און פֿי. צוליב דעם איז די יידישע קאָלווירטן אויסגעקומען צו נעמען אַסאַך קרעדיט אין די מעלוכישע, קאָאָפּעראַטיווע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, קעדיי אַוועקצושטעלן זייער ווירטשאַפֿט מער-ווייניקער אַף אַ פֿעסטן באָדן. דערבײַ האָט דאָ געשפּילט ניט קיין קליינע ראָל דער קליינער פֿײַ פֿון די יידישע קאָלווירטניקעס, באַזונדערס דער נישטיקער פֿײַ פֿון דער אָרעמקײַט. די יידישע קאָלווירטן איז אויסגעקומען פֿון אָנהויב צו פֿאַטערן אַסאַך מיטלען קעדיי מער-ווייניקער ווירטשאַפֿטלעך אַוועקצושטעלן דעם קאָלעקטיוו און אין די ערשטע יאָרן האָבן זיי צוליב דער שלעכטער אָרגאַניזאַציע פֿון אַרבעט און צוליב אַ גאַנצע ריי אַנדערע סיבעס ניט געהאַט אַזעלכע האַכנאָסעס און אַזאַ רעווער, וועלכער זאָל דערלויבן זיי דעקן אַלע כויועס. אַף אַזאַ אויפֿן האָט זיך דער קרעדיט און די כויועס פֿון די יידישע קאָלווירטן ניט פֿאַרקלענערט, נאָר פֿאַרקערט, זיך פֿאַרגרעסערט פֿון יאָר צו יאָר. ערשט פֿאַר די לעצטע יאָרן, ווען דער גרעסטער טייל יידישע קאָלווירטן האָט זיך מער-ווייניקער ווירטשאַפֿטלעך פֿאַרפֿעסטיקט, ווען עס זײַנען אין די קאָלווירטן געשאַפֿן געוואָרן אַ גאַנצע ריי פּראָדוציר-אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געגעבן דעם קאָלווירט רעווער, האָבן די יידישע קאָלווירטן געהאַט די מעגלעכקײַט צו באַפֿרײַען זיך פֿון אַ טייל כויועס.

## הילף-אונטערנעמונגען אין די קאָלווירטן.

אין די יידישע קאָלווירטן זײַנען אַרײַנגעלייגט געוואָרן אַסאַך מיטלען אין דער בויונג פֿון פֿאַרשיידענע אונטערנעמונגען. מען דאַרף זאָגן, אַז די אונטערנעמונגען שפּילן אַ באַדײַטנדיקע ראָלע אינעם רעווער פֿון די יידישע קאָלווירטן.

מען דאַרף אָבער אָנווײַזן אַף אַ גאַנצער ריי פֿעלערהאַפֿטע מאָמענטן, וואָס האָבן געהאַט אָן אָרט בײַם בויען די אונטערנעמונגען. עס זײַנען געווען פֿאַלן, ווען מען האָט אויסגעבויט אונטערנעמונגען אָן שום פּלאַן, אָן דעם וויסן פֿון די העכערע אָרגאַנען א. א. וו. דער קאָלווירט „עמעס”, ראָהאַטשאָווער ראַיאָן, האָט אויסגעבויט אַ נאַפֿט-מיל, וועלכע איז באַלאַדן מיט אַרבעט בלויז דרײַ כאַדאָשים אין יאָר, און ניט ווײַט פֿון דעם שטעטל, אינגאַנצן 9 וויאָרסט פֿון קאָלווירט, איז פֿאַראַן אַ גרויסע מיל, וועלכע באַדינט אַלע אַרומיקע קאָלווירטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די נאַפֿט-מיל פֿון קאָלווירט „עמעס” קען ניט זײַן

אָנגעלאָדן אַ גאַנץ יאָר. ווען אַזאַ מין אונטערנעמונג וואָלט געבויט געוואָרן מיט אַ פּלאַן און מיטן וויסן פֿון די העכערע אָרגאַנען, וואָלט מען געקענט די 18 טויזנט ר., וואָס זי האָט געקאָסט, פֿאַרניצן אַף דער בויונג פֿון אַן אַנדער אונטערנעמונג.

## כאַזיירים־צוכט.

מיר האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט אַף דער צאָל הערנער-פֿי אין די ייִדישע קאָלווירטן. אַף דעם געביט זײַנען פֿאַראַן גרויסע דערגרייכונגען אין די ייִדישע קאָלווירטן. ערגער איז מיט דער פֿראַגע פֿון כאַזיירים-צוכט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אין אַ גאַנצע ריי ייִדישע קאָלווירטן זײַנען נאָך פֿאַראַן רעליגיעזע פֿאָרורטיילן, מע האָט מוירע אַרײַנצולאָזן אין ייִדישן קאָלווירט אַ „טרייפֿע" זאַך. פֿון 234 ייִדישע קאָלווירטן פֿאַרנעמען זיך מיט כאַזיירים-צוכט בלויז 40. מיר האָבן נאָך ניט אין די ייִדישע קאָלווירטן דעם נויטיקן פֿארשטאַנד פֿאַר אַזאַ ווירטשאַפֿט-געביט.

## גערטנערײַ.

איינע פֿון די ברייט-פֿאַרשפּרייטע ווירטשאַפֿט-צווײַגן אין די ייִדישע קאָלווירטן אין ווײַסרוסלאַנד איז גערטנערײַ. אין באָברויסקער קרײַז האָבן די גערטנער אין די ייִדישע קאָלווירטן אין 1929 י. פֿאַרנומען 7% פֿון גאַנצן ערד-שעטעך. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדישע קאָלווירטן איז געשאַפֿן געוואָרן אַף די געוועזענע פּריוואַטישע ערד-שטאָכים. דער ערד-שעטעך פֿון די גערטנער און אַלע ייִדישע קאָלווירטן באַטרעפֿט 1600 העקטאַר.

## געדונגענע אַרבעט־קראַפֿט.

ניט לאַנג איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַן אויספֿאָרשונג וועגן צושטאַנד פֿון די ייִדישע קאָלווירטן. דידאָזיקע אויספֿאָרשונג האָט פֿעסטגעשטעלט אַ גרויסן פּראָצענט געדונגענע אַרבעט-קראַפֿט אין די ייִדישע קאָלווירטן. איינע פֿון די גרונט-סיבעס פֿון דעם גרויסן פּראָצענט געדונגענער אַרבעט-קראַפֿט אין די ייִדישע קאָלווירטן איז—די שוואַכע קאָמפּלעקטירונג, און הויפּטזאַכלעך דאָס, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון די פֿרויען אין די ייִדישע קאָלווירטן זײַנען ניט אינגאַנצן אַרײַנגעצויגן אין דער פֿיזישער אַרבעט.

אין קאָלווירט „עמעס", באָברויסקער קרײַז, זײַנען די פֿרויען אויסשליסלעך פֿאַרנומען מיט דער שטוביקער ווירטשאַפֿט. אין קאָלווירט „אָרט", מאָלעווער קרײַז, ווערט שוואַך אויסגענוצט די אַרבעט פֿון די פֿרויען און די פֿעלד-אַרבעטן ווערן אויסגעפֿילט דורך געדונגענער אַרבעט-קראַפֿט. וואָס עס איז שײַעך די מענער אין די ייִדישע קאָלווירטן, דאַרף מען זאָגן, אַז זיי ספּראַווען זיך אַלץ מער און מער מיט דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט און ווײַזן אַרויס גרויס איניציאַטיוו. צוליב דעם, וואָס עס ווערט ניט פֿולקום אויסגענוצט די אַרבעט-קראַפֿט פֿון די פֿרויען, ווערן אַזעלכע אַרבעטן, ווי פּאַשען די בהיימעס, קאָכיען—אויסגעפֿילט אין אַסאַך פֿאַלן דורך געדונגענער אַרבעט-קראַפֿט. דער קאָלווירט „זיג", באָברויסקער קרײַז, האָט 5 פֿאַמיליעס און 10 אַרבעטפֿעיקע מענטשן. דערדאָזיקער קאָלווירט האָט בלויז פֿאַרן 1929 י. אויסגענוצט געדונגענע קראַפֿט אין סכום פֿון 1900 אַרבעט-טעג. אויסער דעם האָט דערדאָזיקער קאָלווירט אַ שטענדיקן געדונגענעם נאַכטשוימער. דער קאָלווירט באַנוצט זיך מיט געדונגענע פֿורן אַף איבערפֿירן די פּראָדוקטן און די פֿרוכטן אין שטעטל אָדער אין שטאָט. דער קאָלווירט „אָרט", מאָלעווער קרײַז, האָט באַנוצט 20 פּראָצ. געדונגענע אַרבעט-קראַפֿט פֿאַרן גאַנצן יאָר און זומער-צײַט האָט דידאָ-

זיקע ציפֿער דערגרייכט 50 פּראָצ. דערבײַ דאַרפֿן מיר ניט פֿאַרגעסן, אַז דערדאָזיקער אַרטעל עקזיסטירט שוין פֿון 1925 י. דער קאָלווירט „רויטער מאַיאַק”, מאָזירער קרײַז, האָט געהאַט אַן ערעך 60 פּראָצ. געדונגענע אַרבעט-קראַפֿט. אין אַרטעל „אינטערנאַציאָנאַל”, מאָזירער קרײַז, איז פֿאַראַן שטענדיקע געדונגענע אַרבעט-קראַפֿט—איין פּאַסטעך און איין אַרבעטערן, וואָס באַדינט די כאַזײרים. אויסער דעם באַנוצט נאָך דערדאָזיקער קאָלעקטיוו געדונגענע אַרבעט-קראַפֿט זומער. אין קאָלווירט „פֿאַרייניקונג”, דריסער ראַיאָן, האָבן די ייִדישע קאָלווירטניקעס אַפֿילע געדונגען אַרבעטערנס אַף וואַשן וועש און דילן.

דער אויספֿיר איז: מען דאַרף פֿירן אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט געדונגענער אַרבעט-קראַפֿט אינעם ייִדישן קאָלווירט.

## דער קאַמף מיטן קלעריקאַליזם אין די ייִדישע קאָלווירטן.

אין קאַמף מיטן קלעריקאַליזם אין די ייִדישע קאָלווירטן האָבן מיר אַ גאַנצע ריי דערגרייכונגען. אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדישע קאָלווירטן האָבן אָפּגעשאַפֿט דעם שאַבעס-רו און אַריבערגעטראָגן דעם רו-טאָג אַף אַן אַנדער טאָג. אַ גרויסער טייל פֿון די ייִדישע קאָלווירטן האָבן איבערגעריסן מיט די רעליגיעזע יאָנטויווים און מיט די קלעריקאַלע עלעמענטן. מיר האָבן שוין פֿאַלן, ווען אין די ייִדישע קאָלווירטן ווערן געבויט געמיינזאַמע קיכן און מען גייט אַריבער צו דער פֿאָרם פֿון קאָמונעס.

ניט געקוקט אַף דידאָזיקע דערגרייכונגען האָבן מיר נאָך אָבער אַ באַדײַטנדיקן טייל ייִדישע קאָלווירטן און ייִדישע קאָלווירטניקעס, וועלכע געפֿינען זיך נאָך אונטער דער ווירקונג פֿון דעם ייִדישן קלייקוידעש, וועלכע אָרדענען נאָך אײַן באַ זיך אַ מיניען, רופֿן צו זיך אַ מאַגיד, אַ שויכעט א. ד. ג. באַזונדערס שטאַרק זײַנען די רעליגיעזע זאַבאָבאָנעס פֿאַרשפּרייט צווישן די פֿרויען. די פֿרויען זײַנען אָפֿטמאָל דער שטיצפּונקט פֿון די קלעריקאַלע עלעמענטן אין ייִדישן קאָלווירט און שטערן דורכפֿירן אַ גאַנצע ריי מאָסמיטלען אין קאַמף מיטן קלעריקאַליזם. דער קאָלווירט „קאָלאָס” (מינסקער קרײַז) האָט זיך פֿאַרנומען מיט שעכטן בעהיימעס לויטן ריטואַל ניט נאָר פֿאַר זיך, נאָר אויך פֿאַר דער אַרומיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אַזעלכע פֿאַלן זײַנען געווען אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע קאָלעקטיוון.

דער קאַמף קעגן רעליגיע און קלעריקאַלע שטימונגען איז נאָך אין די ייִדישע קאָלווירטן ניט דורכגעפֿירט געוואָרן מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקײַט.

* * *

דער סאָציאַליסטישער געוועט האָט זיך אויך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אין די ייִדישע קאָלווירטן. אַ גאַנצע ריי ייִדישע קאָלווירטן האָבן געשלאָסן סאָציאַליסטישע געוועטן מיט אַנדערע ייִדישע און ניטייִדישע קאָלווירטן. אָבער אַרום דערדאָזיקער אַרבעט איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן די געהעריקע מאַסן-אַרבעט, עס איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן קיין קאָנטראָל אַף וויפֿל דער סאָציאַליסטישער געוועט ווערט דורכגעפֿירט אין לעבן. שוואַך זײַנען פֿאַנאַנדערגעוויקלט די שלאָג-בריגאַדעס אין די ייִדישע קאָלווירטן און מיר דאַרפֿן זאָגן, אַז די שעף-אָרגאַניזאַציעס האָבן קימאַט גאָרניט געטאָן אין די ייִדישע קאָלווירטן.

## די קולט־מאַסן־אַרבעט.

איז דער שוואַכסטער אָרט פֿון דער אַרבעט אין די ייִדישע קאָלווירטן. אין באַזונדערע ערטער האָבן מיר דערגרייכונגען אָפּן געבויט פֿון שאַפֿן ליקפּונקטן, פֿון ליקווידירן די אַמעראַצעס פֿון די ייִדישע קאָלווירטניקעס. די איוורעדיקײַט פֿון די ייִדישע קאָלווירטניקעס איז אַ באַדײַטנדיק גרעסערע, ווי פֿון די ניטייִדישע. אָבער ניט געקוקט אַף דעם,

האָבן מיר פֿון 2861 אַרבעטפֿעיִקע 654 ניטאַיִוורעדיקע. אין באָברויסקער קרײַז איז די אַמעראַצעס אין 1929 י. אין די ייִדישע קאָלווירטן ליקווידירט געוואָרן אַף 41 פּראָצ., אין אַנדערע קאָלווירטן אַף 21 פּראָצ. אין באָברויסקער קרײַז פֿאַלט אויס אַף איין ייִדישן קאָלווירט 3 צײַטונגען און איין זשורנאַל. גאָר שוואַך איז אַוועקגעשטעלט אין די ייִדישע קאָלווירטן די אינדיווידועלע אַבאָנירונג אַף די צײַטונגען. אין די קאָלווירטן ווערן אַרויסגעגעבן וואַנטצײַטונגען, אָבער זיי דערשײַנען זייער זעלטן און מען רעאַגירט זייער שוואַך אַף די נאָטיצן.

דער שוואַכסטער אָרט אין דער קולט-מאַסן אַרבעט פֿון די ייִדישע קאָלווירטן איז די קליינע צאָל ייִדישע ליטעראַטור, וואָס זאָל מיטהעלפֿן איבערדערציִען די ייִדישע קאָלווירטניקעס אין סאָציאַליסטישן גײַסט. די ייִדישע קולטור-טוער באַדינען זייער שוואַך די קולטורעלע באַדערפֿענישן פֿון די ייִדישע קאָלווירטניקעס. די קולט-מאַסאָווע אַרבעט ווערט אין די קאָלווירטן דורכגעפֿירט פֿון צײַט צו צײַט, ווען עס קומען צופֿאָרן באַזונדערע כאַווייריִם, אָדער פֿאָרשטייער פֿון די ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס.

ראַדיאָ איז אין די ייִדישע קאָלווירטן נאָך שוואַך פֿאַרשפּרייט. אין אַלע ייִדישע קאָלווירטן פֿון מינסקער קרײַז האָבן מיר אין 1928-29 י. געהאַט 8 ראַדיאָ-אויפֿנעמער.

אין באָברויסקער קרײַז זײַנען פֿאַראַן יאַסלעס אין 5 קאָלווירטן. אין מינסקער קרײַז— 4 יאַסלעס און 7 קינדער-גערטנער.

גאָר שלעכט איז אַוועקגעשטעלט די סאַניטאַרע און היגיענישע באַדינונג אין די ייִדישע קאָלווירטן. מיצאַד אַ טייל ייִדישע קאָלווירטניקעס איז פֿאַראַן אַ נאַכלעסיקע באַציִונג צו דעם סאַניטאַרן צושטאַנד פֿון די דירעס און פֿון די הויפֿן. ניט אין אַלע ייִדישע קאָלווירטן זײַנען פֿאַראַן אַפּטייקלעך.

אָפֿטמאָל טראָגט די קולט-מאַסן-אַרבעט אין די ייִדישע קאָלווירטן אַן אַפּאָליטישן כאַראַקטער, זי איז ניט צונויפֿגעבונדן מיט די קאָנקרעטע פֿראַגן, וועלכע עס שטייען פֿאַר דער קאָלווירטן-בויונג און פֿאַר די אָרעם-מיטל-פּויערישע מאַסן אין געביט פֿון דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג פֿון דאָרף. באַזונדערס שוואַך איז פּאָפּולאַריזירט די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם די נײַע פּערספּעקטיוון פֿון ווירטשאַפֿטלעכער אײַנאָרדענונג פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע און אָרעמקײַט פֿון די שטעטלעך און שטעט. דיראָזיקע אַרבעט וועט מען דאַרפֿן באַדײַטנדיק פֿאַרשטאַרקן, קעדיי די גאַנצע קולט-מאַסן-אַרבעט אין די ייִדישע קאָלווירטן זאָל זײַן דורכגעזאַפּט מיט די פּאָליטישע לאָזונגען פֿון דער פּאַרטיי, קעדיי די קולט-מאַסן-אַרבעט זאָל גלײַכצײַטיק זײַן אַ מעכטיקער פֿאַקטאָר פֿון סאָציאַליסטיש איבערדערציִען די ייִדישע קאָלווירטניקעס סײַ אין די אינטערנאַציאָנאַלע, סײַ אין די ייִדישע קאָלווירטן.

י. הערשענבוים.

# דער צושטאַנד פֿון געזקענטעניש אין די ייִדישע שולן פֿון ווייסרוסלאַנד.

(לויט מאַטעריאַלן פֿון אַן אויספֿאָרשונג).

געזקענטעניש איז איינע פֿון די גרונט-געגנשטאַנדן אין דער סאָוועטן-שול. ריכטיק ווערט אָנגעוויזן אין דעם מעטאָדישן בריוו פֿון דער פּראָגראַם פֿון געזקענטעניש, אַז „דער ציל פֿון געזקענטעניש פֿאַלט אינגאַנצן צונויף מיטן ציל פֿון דער סאָוועטן-שול". די סאָוועטן-שול האָט פֿאַר זיך אַ ציל צו דערציִען בויער און קעמפֿער פֿאַרן סאָציאַליזם. די פּראָגראַם אַף געזקענטעניש, ווי די אַקס, אַרום וועלכער ס'גרופּירן זיך די פּראָגראַמען פֿון די איבעריקע קעגנשטאַנדן אין צווייטן קאָנצענטר פֿון דער 7-יאָריקער שול, דאַרף „העלפֿן דעם שילער אָריענטירן זיך אין די גרונט-דערשײַנונגען פֿון אַרומיקן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, פֿאַרייניקנדיק (די שילער) צו די אידעאַלן פֿון פּראָלעטאַריאַט אין זײַן קאַמף פֿאַרן קאָמוניזם". קעדיי זיך צו אָריענטירן אין דעם אַרומיקן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, „דאַרף די פּראָגראַם (פֿון געזקענטעניש) אים (דעם שילער) באַקאָנען גענוי מיט דער אַרומיקער אַרבעט-סוויווע, ווי אַזוי צו ווירקן אַף איר און פֿאַרבעסערן". דאָס אַלץ דאַרף אונטערגעטראָגן ווערן דעם קינד אַזוי, אַז ס'זאָל אויסגעאַרבעט ווערן „באַ דעם צוקונפֿטיקן בירגער אַ מאַרקסיסטיש-לענינִיסטישע וועלט-אָנשויונג".

די פּראָגראַם האָט דעריבער אַ ציל אויסאַרבעטן אַ מאַרקסיסטיש-לעניניסטישע וועלט-אָנשויונג באַ די קינדער אַפֿן גרונט פֿון הײַנטצײַטיקן און היסטאָרישן מאַטעריאַל. באַ די בעססטע פּראָגראַמען אַף געזקענטעניש שפּילט אָבער אַ באַזונדערע ראָל דער לערער. אויב דער לערער וועט ניט זײַן מאַרקסיסטיש-לעניניסטיש צוגעגרייט, וועט ער ניט קענען אויסאַרבעטן בײַ די קינדער די מאַרקסיסטיש-לעניניסטישע וועלט-אָנשויונג. אויב דער לערער איז אָפּגעריסן פֿון אַרומיקן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און אויב ער נעמט אין אים ניט קיין אַקטיוון אָנטייל, וועט ער בעשומויפֿן ניט קענען אויספֿירן די אויפֿגאַבן, וועלכע ס'שטעלט פֿאַר אים די סאָוועטן-שול. דער לערער וועט בעשומויפֿן ניט קענען אויפֿקלערן דעם פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסנקאַמף, וועלכן מיר לעבן איצטער איבער, אויב ער אַליין וועט ניט נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אינם קאַמף.

אַ באַדײַטנדיקע ראָל, באַם אויספֿילן די פּראָגראַם און די ציל-אײַנשטעלונג פֿון דער שול אַף געזקענטעניש, שפּילן די לערן-ביכער. אויב די לערן-ביכער וועלן ניט זײַן מאַרקסיסטיש-לעניניסטיש אויסגעהאַלטן, וועט עס דינען אַלס שטערונג אין דער אַרבעט פֿון שול.

* * *

ביכדיי קאָנטראָלירן, אַף וויפֿל די פּראָגראַמען, לערער און לערן-ביכער פּילן אויס די אויבנדערמאָנטע אויפֿגאַבן פֿון דער סאָוועטן-שול, האָט די ייד. אינספּעקטור באַם פֿאָלקאָמבילד פֿון ווײַסרוסלאַנד דורכגעפֿירט אין מײַ כוידעש 1927 י. אַן אַנקעטע אַף געזקענטעניש צווישן די קינדער פֿון יידישע 7-יאָריקע שולן. דער הויפּט-ציל פֿון דער אַנקעטע איז געווען זיך דערוויסן אַף וויפֿל די קינדער נעמען אוף און אָריענטירן זיך אין דער היינטצײַטיקײַט, ווי אַזוי רעאַגירן זיי אַף אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען און ווי נעמען זיי דאָס אוף. די אַנקעטעס האָבן אויך געדאַרפֿט ענטפֿערן, ווי אַזוי רעאַגירט די שול אַף די וויכטיקע פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען. די אַנקעטע איז דורכגעפֿירט געוואָרן צווישן די שילער פֿון די 5—7 קלאַסן אין 15 7-יאָריקע שולן פֿון מינסקער, באָברויסקער, מאָלעווער און מאָזירער קרײַזן. בעסאַכאַקל זײַנען באַאַרבעט געוואָרן 856 אַנקעטעס: 341—פֿון 5-טן קלאַס, 338—פֿון 6-טן, און 177—פֿון 7-טן קלאַס. לויט דער סאָציאַלער לאַגע: פֿון 5-טן קלאַס: אַרבעטער—26,2%, אָנגעשטעלטע—14,1%, קוסטאַרעס—34,6%, פּויערים—4,4%, אָרעמקײַט—7,3%, הענדלער—12,9% און קלייקוידעש—0,6%. פֿון 6-טן קל.: אַרבעטער—9,5%, אָנגעשטעלטע—7,5%, קוסטאַרעס—37,4%, פּויערים—6,2%, אָרעמקײַט—7,2%, הענדלער—9,5%, קלייקוידעש—0,9%, קינדערהיים—1,8%. 7-טער קל.: אַרבעטער—24,4%, אָנגעשטעלטע—12,5%, קוסטאַרעס—31,7%, פּויערים—7,5%, אָרעמקײַט—11,3%, הענדלער—9,1%, קינדער פֿון קינדערהיים—5,3%.

* * *

די ערשטע פֿראַגע פֿון דער אַנקעטע אין 5-טן קלאַס האָט געהאַט דעם ציל קלאָר מאַכן אַף וויפֿל די קינדער אָריענטירן זיך אין דער סאָציאַלער דיפֿערענציאַציע אין דאָרף „ווען רופֿן מיר אָן באַלעגוף, מיטל-פּויער און באַטראַק". 91,2% האָבן געגעבן ריכטיקע ענטפֿערן אַף די ערשטע טיילן פֿון דער פֿראַגע וועגן באַלעגוף און אָרעמען פּויער. דער מיטעלער פּויער ווערט כאַראַקטעריזירט מערסטנטייל ווי אַן אָרעמער אָדער באַלעגוף. דער באַטראַק פֿאַלט אינגאַנצן אַרויס, אָדער ווערט כאַראַקטעריזירט ווי אַן אָרעמער פּויער.

1. „אַ מיטל-פּויער רופֿן מיר אָן דעם, וועלכער פֿאַרמאָגט ניט קײַן גרויסע ווירטשאַפֿט, ער באַנוצט זיך ניט מיט עקספּלואַטאַציע. אַן אָרעמער פּויער פֿאַרמאָגט אַ קליינע ווירטשאַפֿט".

2. „אַ מיטל-פּויער רופֿט זיך אַזאַ פּויער, וועלכער האָט ניט זייער אַסאַך ערד און אויך אייגנטום איז באַ אים אַ קליינע. אַן אָרעמער פּויער רופֿן מיר אַזאַ פּויער, וועלכער האָט ווייניק ערד און אַ קליינע אייגנטום".

3. „אַ מיטל-פּויער האָט אייגענע פּראָדוציר-מיטלען און גייט אין שטאָט אַף בײַ-פּאַרנאָסעס. אַן אָרעמער פּויער האָט אייגענע פּראָדוציר-מיטלען און גייט אַף בײַ-פּאַרנאָסעס".

4. „אַ באַלעגוף האָט אייגענע ערד, לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינען און עקספּלואַטירט אָרעמע פּויערים. אַ מיטל-פּויער האָט ווייניקער ערד און עקספּלואַטירט פּויערים".

5. „אַן אָרעמער פּויער איז אַזאַ, וואָס האָט ווייניק ערד און דינגט זיך אָן באַ יענעם. אַ באַטראַק איז אַזאַ, וואָס האָט ווייניק ערד און ווינטער פֿאַרדינט ער פֿון בײַ-אַרבעט".

דאָס זײַנען די מער כאַראַקטעריסטישע ענטפֿערן, דערבײַ דאַרפֿן מיר נאָך נעמען אין אַכט, אַז באַ אַ 40 פּראָצ. פֿעלט אינגאַנצן דער באַטראַק.

אין דער פּראָגראַם פֿון געזעלשאַפֿטקענטעניש, אַרויסגעגעבן אין 1928-29 לערניאָר, ווערט וועגן דער דיפֿערענציאַציע אין דאָרף ניט גערעדט. ס'ווערט נאָר דערמאָנט וועגן „הילף פֿון דער סאָוועטנמאַכט דעם אָרעמען און מיטעלן פּויער" און וועגן דער „שטײַערפּאָליטיק אין באַצוג צום אָרעמען און באַלעגוף". וועגן באַטראַק ווערט קײַן וואָרט ניט דערמאָנט. דאָס האָט זיך, ווי ס'איז צו זען, אָפּגערופֿן אַף די קינדער.

ווײַזט זיך טאַקע אַרויס, אַז די קינדער פֿאַרשטייען ניט די גרונט-מאָמענטן פֿון אונ-דזער עקאָנאָמישער פּאָליטיק בענוגייע צו די פֿאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן אין דאָרף. אַף דער פֿראַגע: „מיט וואָס העלפֿט די סאָוועטנמאַכט פֿאַרבעסערן דאָס לעבן פֿון אָרעמען פּויער“—ווערט גע׳ענטפֿערט:

1. „די סאָוועטנמאַכט העלפֿט דעם אָרעמען פּויער זייער גוט. דאָס זעען מיר פֿון דעם, ווי די סאָוועטנמאַכט גיט די פּויערים אַלערליי מאַכשירים אַף אויסצאָלן, קעדיי זיי זאָלן קענען באַאַרבעטן זייער שטיקל ערד. די סאָוועטנמאַכט גיט אויך די פּויערים אַלערליי זוימען אַף אויסצאָלן. אין די דערפֿער קומען צופֿאָרן אַלערליי אַגראָנאָמען, דערציילן ווי אַזוי צו זייען און צו פֿאַרבעסערן די ערד. די סאָוועטנמאַכט זעט אויך, טאָמער פֿאַלט באַ דעם פּויער אַ פֿערד, צי אַ בעהיימע, נעמט ער אָפּ סטראַכאָווקע. ס׳ווערט קראַנק אַ פּויער, העלפֿט די סאָוועטנמאַכט“.

2. „די סאָוועטן-מאַכט זעט צו פֿאַו׳בעסערן דאָס לעבן פֿון אָרעמען פּויער. זעט געבן אַף אויסצאָלן מאַשינעס, זעט צו באַפֿרײַען פֿון שטײַער א.אַ.וו.“.

3. „די סאָוועטנמאַכט העלפֿט פֿאַרבעסערן דאָס לעבן פֿון בויער מיט קרעדיט, קעדיי ער זאָל ניט דאַרפֿן לײַען באַם באַלעגוף און צאָלן געלט. גיט מעגלעכקײַטן צו סאָרטירן קערנער און קאָמפּליצירטע מאַשינעס אַף צו באַאַרבעטן די ערד“.

4. „די סאָוועטנמאַכט העלפֿט דעם אָרעמען פּויער מיט דעם, וואָס זי גיט אים געלט אַף אויסצאָלן, אַף אופֿהויבן זײַן ווירטשאַפֿט. זי גיט אים מערער ערד, זי גיט אים ניט קײַן צינזן. מיט וואָס די סאָוועטנמאַכט קען, העלפֿט זי אים“.

5. „די סאָוועטנמאַכט העלפֿט דעם אָרעמען פּויער זייער אַסאַך. זי זעט, אַז דער אָרע-מער פּויער זאָל זיך ניט פֿאַרדינגען באַ דעם רײַכן פּויער און אַרבעטן באַ אים 12-10 שאָ. די סאָוועטנמאַכט, זעט, אַז די פּויערים זאָלן זײַן געבילדעט, פֿאַרשטיין אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אַף דער ערד. שרײַבט אויס צײַטונגען, עפֿנט לייען-שטיבלעך, שרײַבט זיי אויס אַלערליי מאַשינעס“.

דאָס זײַנען כאַראַקטעריסטישע ענטפֿערן פֿאַר דער מערהײַט קינדער. אָבער אומעטום גייט אַ רייד וועגן *אופֿהויבן זײַן אינדיווידועלע ווירטשאַפֿט*, דער מאָמענט פֿון קאָלעקטיוויזאַציע פֿעלט אינגאַנצן. די פּראָגראַם אַף געזעלשאַפֿטלעך אַפֿן 29-28-טן לערניאָר גיט אַזאַ ציל-איינשטעלונג און דאָס ווערט איבערגעכאַזערט סײַ פֿון די לערער און סײַ פֿון די קינדער.

די־זעלבע דערשײַנונג האָבן מיר אויך באַ דער פֿראַגע וועגן הויבן די געראַטעניש, „מ׳דאַרף באַאַרבעטן די ערד מיט מינעראַלע באַמיסטיקונגען, גרויסע קאָמפּליצירטע מאַשי-נעס און ביכלאַל לויט די לעצטע קלאָלים פֿון דער אַגראָנאָמיע און פֿיל-פֿעלדער סיסטעם“. וועגן דער מעגלעכקײַט פֿון הויבן די געראַטעניש דורך דער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט און בויען גרויסע סאָווירטן ווערט דערמאָנט נאָר אין איינצלנע אַנקעטעס.

די קינדער ווייסן ניט די גרונט-סיבעס פֿון אונדזערע ברויט-שוועריקײַטן. אַף דער פֿראַגע: „פֿאַרוואָס איז באַ אונדז דער ברויט-מאַנגל“, האָבן געענטפֿערט אינגאַנצן 64,4% ריכטיק. אָבער אויך די ריכטיקע ענטפֿערן שליסן אויס די גרונט-סיבע—די צעברעקלטקײַט פֿון די פּויערישע ווירטשאַפֿטן.

1. „די באַדערפֿענישן פֿון דער באַפֿעלקערונג וואַקסן, דעריבער ווערט די קויף-פֿעיקײַט גרעסער. מיר האָבן געמאַכט גרויסע זאַפּאַסן פֿון ברויט אַף דער צײַט פֿון אַ מילכאָמע (?) און אויך דאָס, וואָס מען האָט אָנשטאָט די ברויט-קולטורן אָנגעהויבן פֿאַרגרעסערן די טעכנישע קולטורן. דער געברויך פֿון ברויט ווערט גרעסער“.

2. „דעם ברויט-מאַנגל האָט אַרויסגערופֿן איבערהויפּט די ניט ריכטיקע רעגולירונג פֿון מעלוכע-אַפּאַראַט און פֿון ברויט-פֿאַרגרייטונג, און אויך אַדאַנק דעם, וואָס אין די הויפּט-צענטרען פֿון ברויט-פּראָדוקציע איז פֿאָרגעקומען אַ ריי אומגעראַטעענישן“.

3. „דער ברויט-מאַנגל איז איבער פֿאַרשיידענע ארויסטרעטונגען פֿון די באַלעגופֿים, וועלכע פֿארהאלטן די ברויט-גערעטעניש אַף אוקראַינע" א.אַ.וו.

4. „1) די קויף-פֿעיִקייט פֿון דעם פויער איז געוואָרן אַ גרעסערע אין פֿאַרגלײַך מיט פֿריער. 2) מען עקספּאָרטירט קײַן אויסלאַנד אף צו קויפֿן מאַשינעס. 3) דער וווּקס פֿון דער באַפֿעלקערונג".

דאָס זײַנען די מער כאראַקטעריסטישע ענטפֿערן. פֿון דעם קומט שוין בעמיילע דער ענטפֿער אַף דער פֿראַגע ווי אַזוי אויסמײַדן דעם ברויט-מאַנגל. ס'ווערט אָנגעוויזן, אַז אויסמײַדן דעם ברויט-מאַנגל קען מען דורך אופֿהויבן די גערעטעניש ביכלאַל, ווייניקער אַרויספֿירן קײַן אויסלאַנד, פֿאַרבעסערן דעם פֿאַגרייטונג-אפּאַראַט א.א.וו. וועגן דער נויטיקײַט פֿון בויען סאָווירטן און קאָלווירטן און קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט ווערט ניט גערעדט.

מיר דאַרפֿן ניט פֿאַרגעסן, אַז צו מײַ-כוידעש 1929 י. האָבן מיר שוין געהאַט א ריי באַשליסן פֿון פּאַרטעיִשע און סאָוועטישע אָרגאַנען, אין וועלכע ס'ווערט אָנגעוויזן, אַז מיר קענען אַרויס פֿון אונדזערע ברויט-שוועריקײַטן דורך בויען גרויסע „ברויט-פֿאַבריקן", סאָווירטן, און דורך קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט. דאָס איז שוין געווען נאָך דער XVI פּאַרטיי-קאָנפֿערענץ, וועלכע האָט אוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן דער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט אין דער גאַנצער ברייט. אויב אין דער פּראָגראַם פֿון געזקענטעניש פֿון 28-29 לערניאָר איז גאָרניט דערמאָנט געוואָרן וועגן אונדזערע ברויט-שוועריקײַטן, קען מען עפּשער געפֿינען אַ באַרעכטיקונג פֿאַרן פֿאָלקאָמביל̇ד (כאָטש פֿרילינג 1928 י. האָבן מיר איבערגעלעבט אַ ברויט-קריזיס, וועגן וואָס מיר האָבן דאַן ניט ווייניק גערעדט און די פּראָגראַם איז ארויס אין הארבסט 1928 י.) אָבער מיר קענען בעשומויפֿן ניט באַרעכטיקן דעם לערער, וועלכער לאָזט דורך אזא וויכטיקע פֿראַגע אין זײַן אַרבעט. דאָס באַווײַזט אונדז, אז א טייל לערער איז ניט גענוג וואכזאם צו א ריי פּאָליטישע און ווירטשאַפֿטלעכע געשעעניש אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, וועלכע מען דאַרף באַצײַטנס דערקלערן די שילער. מיר מוזן אָבער אויך אָנווײַזן, אַז וועגן אונדזערע ווירטשאַפֿטלעכע שוועריקײַטן רעדט זיך אויך ניט אין דער פּראָגראַם, וואָס איז ארויסגעלאָזן אין 1929-1930 לערניאָר.

פֿאַר די קינדער איז ניט קלאָר אונדזער אָנגריף אַף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין לאַנד און די קאָלעקטיוויזאַציע אלס מאַסמיטל פֿון אָנגריף אפֿן באַלעגוף. אף דער פֿראַגע: „פֿאַרוואָס זײַנען די באַלעגופֿים קעגן קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿטן", ווערט אין דער גרעסטער מערהײַט אָנקעטעס געענטפֿערט, אַז „די באַלעגופֿים ווילן ניט גיין אין קאָלעקטיוו". ס'איז זייער שלעכט, אויב אונדזערע לערער גיבן אַזוי צו פֿאַרשטיין דעם קלאַסנקאַמף אין דאָרף.

---

אין פּראָגראַם פֿון 28—29 לערן-יאָר ווערט וועגן דער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט נאָר דערמאָנט. „קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿט איז די העכסטע שטופֿע פֿון קאָאָפּערירונג". דאָס איז אַלץ... און ווו איז דער וועג צום סאָציאַליזם? ווו איז דער קאַמף פֿון די באַלעגופֿים קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע? איך וועל שוין ניט ריידן וועגן דעם 5-יאָריקן פּלאַן און דער אָרט אין אים פֿון דער קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, ווײַל וועגן 5-יאָריקן פּלאַן ווערט אין דער פּראָגראַם פֿון 28—29 לערן-יאָר קײַן וואָרט ניט דערמאָנט. מיר דאַרפֿן ניט פֿאַרגעסן, אַז דער 28—29 לערן-יאָר איז געווען דער ערשטער יאָר פֿון 5-יאָריקן פּלאַן. ניט קײַן בעסערע לאַגע האָבן מיר אויך מיט די לערנביכער.

מיר קענען ניט פֿאַרבײַגיין אַזאַ וויכטיקן מאָמענט אין אונדזער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, ווי „נעפּ און מיליטער-קאָמוניזם", וועגן וואָס די קינדער מוזן האָבן אַ קלאָרע פֿאַרשטע-

לונג. אַף דער פֿראַגע „צוליב וואָס האָט מען אײַנגעפֿירט דעם נעפּ" האָבן מיר אינגאַנצן באַקומען 52,5 פּראָצ. ריכטיקע ענטפֿערן, די דערקלערונגען זײַנען דאָ אַזעלכע: „נעפּ האָט מען אײַנגעפֿירט עס זאָל זיך פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון פּויערטום, דעריבער האָט מען אײַנגעפֿירט דעם פּראָדנאַלאָג אָנשטאָט פּראָדראַזוויאָרסטקע". אין די פּראָגראַמען ווערט נאָר וועגן דעם דערמאָנט מיט איין וואָרט „נעפּ" און טו מיט אים וואָס דו ווילסט. אין די לערן-ביכער ווערט וועגן דעם אָפּגעפּאַטערט מיט עטלעכע שורעס. אייניקע לערן-ביכער גיבן פֿאַלשע פֿאָרמולירונגען און ניט קיין ריכטיקע אײַנשטעלונג, און דאָס ווערט נאָכדעם איבערגעכאַזוערט פֿון די לערער און די קינדער.

אין „אַרבעט-בוך אַף געזעלשאַפֿטוויסנשאַפֿט" פֿאַר דעם 7-טן לערן-יאָר, אַרויסגעלאָזן פֿון מאָסקווער מעלוכע-פֿאַרלאַג, רעקאָמענדירט דורך „גוס", ווערט דער אַריבערגאַנג צום נעפּ פֿאָרמולירט אַף אַזאַ אופֿן: „די סאָוועטישע רעגירונג, גייענדיק אַנטקעגן די פֿאַרלאַנגען פֿון פּויערטום. האָט פֿאַרביטן די פּראָדראַזוויאָרסטקע אַפֿן פּראָדנאַלאָג" (זײַט 229).

די פֿאָרמולירונג איז ניט קיין ריכטיקע און גיט אַ פֿאַלשע אײַנשטעלונג. אָט ווי לעניִן פֿאָרמולירט די נויטיקייט פֿון אַריבערגיין צו „נעפּ" „Пролетариат, как руководящий, как господствующий класс, должен уметь направить политику так, чтобы решить в первую голову самую неотложную, самую „больную" задачу. Неотложнее всего теперь меры, способные поднять производительные силы крестьянского хозяйства немедлено. Только через это можно добиться и улучшения положения рабочих, и укрепления союза рабочих с крестьянством, укрепления диктатуры пролетариата" (Т. XVIII ч. I, стр. 213)· אין דעמזעלבן לערנבוך ווערט אויך ניט דערמאָנט לעניִנס פֿאָרמולע, „сначала отступат, а потом разбежаться и сильнее прыгнут вперед" (Т. XVIII ч. II стр. 96), וואָס איז באַזונדערס וויכטיק באַם איצטערדיקן מאָמענט צו פֿאַרשטיין די גרויסע עטאַפּן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס לעניִן האָט פֿאָרויסגעזען נאָך אין 21-טן יאָר באַם אײַנפֿירן דעם „נעפּ".

דער לערער באַציט זיך ניט גענוג קריטיש צו די פֿאָרמולירונגען פֿון די לערן-ביכער. די פֿעלערן, וועלכע זײַנען דאָרט פֿאַראַן, ווערן פֿון אים איבערגעכאַזוערט פֿאַר די קינדער.

די פֿאַרבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף ווערט פֿאַרשטאַנען נאָר ווי אַ פֿאַרבינדונג אַף יעסוידעס פֿון אַ סכוירע-אויסטויש.

עס ווערט ניט אָנגעוויזן דער פּראָדוציר-צוזאַמענשלוס. עס פֿעלט די פּאָליטישע באַדײַטונג פֿון דער „סמיטשקע" מיטן אָרעמען און מיטלען פּויערטום, עס ווערט אַפֿילע ניט אָנגעוויזן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז דער העגעמאָן אין דער „סמיטשקע". לויט די ענטפֿערן פֿון די קינדער איז דער צוזאַמענשלוס געווענדעט צום פּויערטום בכלל.

* * *

פֿאַר די קינדער איז קלאָר אין וועמעס האַנט עס געפֿינט זיך די אינדוסטריע אין ראַטנפֿאַרבאַנד. אַף דער פֿראַגע זײַנען געווען 97,1 פּראָצ. ריכטיקע ענטפֿערן. אַנדערש איז אָבער מיט דער פֿראַגע, וועלכער אָרגאַן פֿירט אָן מיט דער מעלוכע-אינדוסטריע. אַף דעם האָבן 80,5 פּראָצ. געענטפֿערט ריכטיק. אין אַנדערע אַנקעטעס ווערט אָנגעוויזן, אַז מיט דער מעלוכע-אינדוסטריע פֿירן אָן: „די אַרבעטער און פּויערים", די „קאָמפּאַרטיי", „פֿאָלקאָמאַרבעט", „פֿאָלקאָמהאַנדל", „פֿאָלק-קאָמיסאַריאַט פֿאַר אויסערלעכע איניאָנים", „פֿאָלק-קאָמיסאַריאַט פֿאַר אינדוסטריע", „דער צוזאַמענפֿאָר פֿון די ראַטן", די „מעלוכע", א. אַנד. דאָס באַווײַזט אונדז, אַז די קינדער קלײַבן זיך שוואַך פֿאַנאַנדער אין די פֿונקציעס פֿון די מעלוכע-אָרגאַנען.

די אינדוסטריאַליזאַציע פֿון לאַנד ווערט פֿאַרשטאַנען הויפּטזעכלעך, ווי אַ פּראָצעס פֿון אַרײַנפֿירן נײַע מאַשינעס, בויען פֿאַבריקן און זאַוואָדן.

1. „אינדוסטריאַליזאַציע רופֿן מיר אָן, ווען מיר פֿירן אַרײַן אין לאַנד מער מאַשינעס, בויען פֿאַבריקן און זאַוואָדן און מע פֿירט אײַן נײַע סיסטעמעס פֿון אַרבעט".

2. „בויען פֿאַבריקן און זאַוואָדן און אַרײַנפֿירן מער מאַשינעס צו פֿארגרינגערן דאָס לעבן פֿון די אַרבעטער".

3. „אַרײַנפֿירן מער מאַשינעס, קעדיי מע זאָל קענען אויסאַרבעטן בעסערע סכוירעס, אויב בײַ אונדז וועט מען אויסאַרבעטן אַלע סכוירעס, וועלכע מיר דאַרפֿן, וועלן מיר זיי ניט דאַרפֿן קויפֿן, וועלן מיר קענען אינדוסטריאַליזירן אונדזער לאַנד".

אומעטום פֿעלט דער גרונט-שטריך, וואָס באַצייכנט די אינדוסטריאַליזאַציע—דאָס אַנט-וויקלען די פּראָדוקציע פֿון פּראָדוציר-מיטלען.

*
* *

אַף דער פֿראַגע „וועלכע פֿאָלק-קאָמיסאַריאַטן האָבן מיר און וועלכע רעפּובליקן גייען אַרײַן אין פֿ.ס.ס.ר." האָט מען געענטפֿערט אַף די גאַנצע 100% ריכטיק, וואָס עס באַווײַזט, אַז מען ווייס די קאָנסטיטוציע פֿאָרמעל. אָבער די פֿונקציעס פֿון די מעלוכישע אָרגאַנען ווייס מען שוואַכער, וואָס מען האָט געקענט זען פֿון די ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע ווער עס פֿירט אָן מיט דער מעלוכישער אינדוסטריע. אַף דער פֿראַגע „פֿאַרוואָס האָט ניט קײַן וואַל-רעכט אַ באַלעגוף און נעפּמאַן" האָבן 72 פּראָצ. געענטפֿערט ריכטיק, אַ העכערן % ריכטיקע ענטפֿערן האָבן מיר אין 7-טן קלאַס. אָט זײַנען טיפּישע ענטפֿערן:

1. „אַ באַלעגוף האָט ניט קײַן וואַל-רעכט דערפֿאַר, ווײַל ער לייגט אַרוף זייער גרויסע פּרײַזן אַף זײַנע פּראָדוקטן און דער אָרעמער אַרבעטער קען ניט קויפֿן".

2. „זיי האָבן עקספּלואַטירט די אַרבעטער".

3. „אַ באַלעגוף האָט דערפֿאַר ניט רעכט, ווײַל ער עקספּלואַטירט די אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן בײַ אים און די אָרעמע פּויערים, און אַ נעפּמאַן האָט ניט רעכט ווײלן (קלײַבן) דערפֿאַר, וואָס אונדזער לאַנד שטרעבט צו סאָציאַליזם און קאָלעקטיוויזם און ער איז אַן אייגנטימער".

4. „אַ נעפּמאַן האָט ניט קײַן רעכט דערפֿאַר, ווײַל ער עקספּלואַטירט און וויל בײַ יענעם צונעמען דעם לעצטן גראָשן".

דאָ פֿעלט די קלאָרע פֿאָרמולירונג, אַז דער נעפּמאַן און באַלעגוף זײַנען קלאַסן-פֿײַנט-לעכע עלעמענטן און קעמפֿן קעגן דער דיקטאַטור פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

אַף דער פֿראַגע, „פֿאַרוואָס איז די פֿאָרשטייערשאַפֿט אין די ראַטן אַ גרעסערע פֿון די אַרבעטער, ווי פֿון די פּויערים און קוסטאַרן" (7-טע גרופּע), זײַנען געווען 24 פּראָצענט ריכטיקע ענטפֿערן. עס ווערט אָבער אין זיי ניט אונטערגעשטראָכן דער מאָמענט פֿון הע-געמאָניע פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. מערסטנטייל ווערן געגעבן גאָרניט זאָגנדיקע ענטפֿערן—„ווײַל ער איז אַן אַרבעטער".

די רייניקונג פֿון אַפּאַראַט ווערט ניט צוזאַמענגעבונדן מיט דער נויטיקײַט פֿון צופּאַסן דעם אַפּאַראַט צו די נײַע טעמפּן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג. אין גרעסטן טייל ווערן מאָטיווירט די ענטפֿערן, אַז די רייניקונג איז נויטיק דערפֿאַר, וואָס אין אַפּאַראַט זיצן גע-וועזענע טשינאָווניקעס, פּריצים, קאַפּיטאַליסטן, וועלכע זײַנען ביוראָקראַטן, וואָלאָקיטשי-קעס און א. וו. ס'ווערט אויך ניט אָנגעוויזן די נויטווענדיקײַט פֿון אַרויסרוקן אַרבעטער אין אַפּאַראַט.

*
* *

אַף דער פֿראַגע, „וואָס טוט אַ פּראָפֿאַריין" האָבן 61 פּראָצ. געענטפֿערט ריכטיק, אַ גרויסער טייל קינדער האָבן, אַזוי אַרום, ניט קײַן ריכטיקע פֿאָרשטעלונג וועגן פּראָפֿאַריי-נישע אָרגאַניזאַציעס.

1. „דער פּראָפֿאַריין זעט, אַז עס זאָלן ניִט זײַן קײַן אַרבעטלאָזע“.
2. „אַ פּראָפֿאַריין פֿאַרטיידיִקט דיִ איִנטערעסן פֿון אַרבעטער-קלאַס“.
3. „דער פּראָפֿאַריין פֿאַרנעמט זיִך מיִט שיקן אַרבעטער אַף אַרבעט“.
4. „דער פּראָפֿאַריין נעמט אָן לערן-ייִנגלעך“.
5. „שיִקט איִן אָפּרו-הויז דיִ אַרבעטער“.
6. „העלפֿט דיִ אַרבעטלאָזע מיִט געלט“.

דיִדאָזיִקע ענטפֿערן און אַ ריי אַנדערע באַווײַזן, אַז דיִ קיִנדער שרײַבן צו אַ ריי פֿונקציעס פֿון דיִ מעלוכישע אָרגאַנען דעם פּראָפֿאַריין, וויִ צ. ב. סטראַכקאַסע, אַרבעט-ביִרזשע א. א. וו. ווענן אָנטייל פֿון דיִ פּראָפֿאַריינען איִן דער סאָציִאַליִסטיִשער בויונג, וועגן דעם, אַז דער פּראָפֿאַריין איִז אַ שול פֿון קאָמוניִזם, ווערט דערמאָנט נאָר איִן אייִנצלנע אַנקעטעס.

וועגן אַ פּראָדוציִר-באַראַטונג האָבן דיִ קיִנדער גאָר אַ שוואַכע פֿאָרשטעלונג. אַף דער פֿראַגע האָבן איִנגאַנצן געענטפֿערט 59 פּראָצ. ריִכטיק. דער פּראָדוציִר-באַראַטונג ווערן אָפּט צוגעשריִבן אַדמיִניסטראַטיִווע האַנדלס, און אַנדערע פֿונקציעס, וויִ צ.ב. „אופֿהייבן דיִ אינדוסטריע איִן לאַנד“, „צאָלט אויס געהאַלט דיִ אַרבעטער“, „קויפֿט אײַן רוי-מאַטעריאַלן“ „שטעלט אײַן געהאַלט פֿאַר דיִ אַרבעטער“ א. א. וו.

*
* *

אַף דער פֿראַגע וועגן דיִ גרונט-שטריִכן פֿון קאַפּיִטאַליזם ווערן מערסטנטייל געגעבן פּאָליטישע דעפֿיִניִציעס, וויִ צ. ב. פּאַרלאַמענטאַריִזם, בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, איִמפּעריִ-אַליִזם, א. א. וו. דער גרונט-מאָמענט פֿון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער געזעלשאַפֿט,— פּריִוואַט-אייגנטום אַף דיִ פּראָדוציִר-מיִטלען—פֿעלט איִן גרעסטן טייל פֿון דיִ ענטפֿערן. ניִט געקוקט אַף דעם, וואָס עס ווערט אָפּט דערמאָנט עקספּלואַטאַציע, האָבן די קיִנדער וועגן דעם ניִט קײַן קלאָרע פֿאָרשטעלונג. איִן אַ טייל ענטפֿערן פֿעלט דער קלאַסנקאַמף איִן דער קאַפּיִטאַ-ליסטישער געזעלשאַפֿט.

1. „1) עקספּלואַטאַציע; 2) קאָנקורענץ, וואָס ברענגט צו כאַאָס פֿון דער פּראָדוקציע; 3) פֿאַרכאַפּן וואָס מער מערק, דאָס ברענגט צו איִמפּעריִאַליִזם“.

2. „עקספּלואַטאַציע, איִמפּעריאַליִזם, ניִט קײַן גלײַכקײַט צוויִשן מענטשן, אונטערשיידן צוויִשן נאַציעס, אַ קלאַסן-צוטיילונג, קאַמף צו פֿאַרכאַפּן נײַע לענדער, א. א. וו.

3. „זיי רייצן אָן איין קלאַס אַפּן צווייטן, זיי עקספּלואַטיִרן“ א. א. וו..“

4. „קאָנקורענץ, אַנאַרכיע פֿון דער פּראָדוקציע, קריִזיִסן, עקספּלואַטאַציע“.

ווען דיִ קיִנדער גיִבן אַ דערקלערונג וועגן איִנטערשייד פֿון אַרבעטער און קוסטאַר, בלײַבט אויסן דער מאָמענט פֿון פּריִוואַט-אייגנטום אַף פּראָדוציִר-מיִטלען. אייניִקע האָבן אַפּיִלע געגעבן אַזאַ ענטפֿער, „דער אַרבעטער ווערט עקספּלואַטירט, און דער קוסטאַר עקספּלואַטיִרט זיִך אַליין“. דיִ קיִנדער פֿאַרשטייען ניִט וואָס איִז אַזוינס עקספּלואַטאַציִע.

אַף דער פֿראַגע „וואוהיִן גייט אַוועק דער רעווען פֿון אַ קאַפּיִטאַליִסטישער פֿאַבריִק און וואוהיִן פֿון אונדזערע מעלוכע-פֿאַבריִקן“ (3 פֿראַגע 6 קל.) ענטפֿערן אַ טייל—„דער רעווען פֿון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער פֿאַבריִק גייט אַוועק אַף דעם פֿאַבריקאַנט און טיילווײַז צו קויפֿן מאַשיִנעס און צו העכערן דעם אַרבעטלוין“, ד. ה., אַז דער פֿאַבריִקאַנט זאָרגט זיִך פֿאַר דעם אַרבעטער.

אַף דיִ געשיכטלעכע פֿראַגן האָט מען איִן אַלגעמיין געענטפֿערט ניִט שלעכט. אַף דער פֿראַגע „וועגן וואָס האָט זיִך הויפּטזעכלעך גערעדט איִן דער „דעקלאַראַציִע פֿון רעכט פֿון מענטשן און ביִרגער“ (פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזיִשער רעוואָלוציִע) האָבן געענטפֿערט ריִכטיק 34,2 פּראָצ. דער אַלגעמיינער ענטפֿער איִז: „וועגן גלײַכהײַט, פֿרײַהײַט און בריִ-

דערלעכקײַט", וועגן דעם, אַז די „דעקלאַראַציִע" האָט דערקלערט די אומבאַרירלעכקײַט פֿון פּריוואַט-אייגנטום האָבן געענטפֿערט איינצלנע.

דאָס אַלץ באַווײַזט אונדז, ווי שוואַך די קינדער ווייסן וועגן דעם גרונט-אונטערשייד פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער און סאָוועטישער עקאָנאָמיק. עס באַווײַזט, אַז אָפֿט גיט מען ניט די קינדער די ריכטיקע פֿאָרמולירונג פֿון דער אָדער יענער געזעלשאַפֿטלעכער דערשײַנונג.

אין די ענטפֿערן אַף די געשיכטלעכע פֿראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, ווערט ניט אָנגעוויזן די ראָל פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַזוי צ.ב. ווערט אַף דער פֿראַגע—„ווער פֿירט איצט אַ קאַמף מיט דער מילכאָמע-געפֿאַר און ווי אַזוי"—געענטפֿערט:—„די ראַטנמאַכט", „דער אַרבעטער-קלאַס", די אַרבעטנדיקע מאַסן". נאָר אין איינצלנע אַנקעטעס ווערן דערמאָנט דער קאָמינטערן און די קאָמפּאַרטייען. אין דער אָפּשאַצונג פֿון 1905 יאָר און פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציִע באַקומט זיך אויך דיזעלבע דערשײַנונג. אין אַ טייל אַנקעטעס רעדט זיך אַפֿילע וועגן „פֿאָלק". דאָס באַווײַזט אונדז, אַז באַם דערלערנען די געשיכטע פֿון רעוו. באַוועגונג, ווערט אָפֿט פֿאַרשמירט די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון דער פּאַרטיי.

* * *

אַף די פֿראַגן וועגן רעליגיִע ווערן מערסטנטייל געגעבן ענטפֿערן מיט אַ קולטור-טרעגערישן אינהאַלט. אַף דער פֿראַגע „מיט וואָס שטערט די רעליגיִע דעם אַרבעטער-קלאַס אין זײַן קאַמף מיט דער בורזשואַזיִע", ענטפֿערט מען:—„ווײַל זי פֿאַרפֿינצטערט דעם אַרבעטער-קלאַס". „אין דער פֿעאָדאַלער צײַט האָט די רעליגיִע געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אַף די מענטשן, ווײַל זיי זײַנען ניט געווען באַוווסטזיניק", „זיי זײַנען געווען פֿאַרפֿינצטערט" אין די ענטפֿערן פֿעלט דער קלאַסן-צוגאַנג.

אין דער פּראָגראַם פֿון 28-29 לערן-יאָר, איבערגעכאַזערט אין 29—30 לערן-יאָר, ווערט געגעבן אַזאַ אײַנשטעלונג דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט: „דער קאַמף מיט די רעשטלעך פֿון אַלטן שטייגער, שעדלעכקײַט פֿון רעליגיעזע זאַבאַבאָנעס און דער קאַמף מיט זיי... ווי די רעליגיע שטערט אַרײַנברענגען די וויסנשאַפֿט אין דאָרף". וועגן דער קאָנטער-רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט פֿון די קלעריקאַלן אין ראַטנפֿאַרבאַנד ווערט קײַן וואָרט ניט דערמאָנט. אַ טייל פֿון די לערער, ווײַזט אויס, זײַנען ווײַט ניט אַוועק פֿון דער פּראָגראַם, דערפֿאַר באַקומט זיך אַזאַ רעזולטאַט אין די ענטפֿערן.

דיזעלבע זאַך באַמערקן מיר אויך באַם דערקלערן די פֿראַגע וועגן נאַציאָנאַלער סינע. אַף דער פֿראַגע „ווער איז פֿאַרינטערעסירט עס זאָל זײַן סינע צווישן די באַזונדערע נאַציעס און פֿאַרוואָס"—האָבן געענטפֿערט ריכטיק 46,7 פּראָצ. די ענטפֿערן ווערן מערסטנטייל געגעבן—„דער נעפּמאַן, באַלעבוּף און קלייקווירעש" ניט אויפֿקלערנדיק פֿאַרוואָס. דאָרט, ווו די סינע ווערט יע אויפֿגעקלערט, ווערט מערסטנטייל אָנגעוויזן אַף די ניטייִדישע, בורזשואַזע, באַלעבוּפֿישע עלעמענטן און עס באַקומט זיך אַזאַ פֿאָרשטעלונג, אַז נאָר דער רוסישער באַלעבוּף, סויכער, קאַפּיטאַליסט, נעפּמאַן, גאַלעך זײַנען פֿאַרינטערעסירט אין אַנטיסעמיטיזם. וועגן ייִדישן נעפּמאַן, באַלעבוּף, ראָוו, וועלכע זײַנען ניט ווייניקער שאָוויניסטיש, ווערט זעלטן דערמאָנט אין די ענטפֿערן. דאָס באַווײַזט אונדז, אַז אין די ייִדישע שולן, וווּ עס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקײַט דעם קאַמף מיטן ייִדישן שאָוויניזם, ווערט דער שווערפּונקט געלייגט אַפֿן אַנטיסעמיטיזם און דאָס פֿאַרשמירט שוין דעם ייִדישן שאָוויניזם.

אין די ענטפֿערן אַף דער פֿראַגע „ווער זײַנען די ציִעניסטן", ווערט די ציִעניסטישע פּאַרטיי פֿאָרגעשטעלט, ווי אַ נציאָנאַלע פּאַרטיי, וועלכע שטרעבט נאָך אַן אייגענער פֿאָטערלאַנד אין פּאַלעסטינע. זי ווערט אָבער ניט פֿאָרגעשטעלט, ווי אַ בורזשואַזע, קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי.

וועגן „קאָמערד‟ און געזוערד‟ האָבן די קינדער גאָר אַ שוואַכע פֿאָרשטעלונג, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דער „געזוערד‟ פֿירט אַ ברייטע ארבעט אין די שולן. אַף דער פֿראַגע—וואָס איז אַזוינס „געזוערד‟ און „קאָמערד‟, האָבן געענטפערט ריכטיק 42%. 13% האָבן געעגטפערט, אַז זיי ווייסן עס איינגאַנצן ניט. דער „געזוערד‟ ווערט אָפט דערקלערט ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע „פֿאַרטיידיקט די אינטערעסן פֿון די יידן‟.

אין דער פּראָגראַם פֿון די ייִד-עלעמענטן אין געזקענטעניש אַפֿן 28-29 לערן-יאָר. לויט וועלכע מען אַרבעט אויך איצטער, ווערט ניט געגעבן קיין סאָציאַלע דיפֿערענציאַציע פֿון דער שטעטלדיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג. דאָרטן ווערט גערעדט וועגן דער „ייִדישער באַפֿעלקערונג‟ בכלל, וועגן דער „ייִדישער מאַסע‟. אָט זײַנען אייניקע כאַראַקטעריסטישע פֿאָרמולירונגען—„וואָס טוט די סאָוועטנמאַכט אַף צו פֿאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג‟, „ווי אַזוי ווערט אַדײַנגעצויגן די ייִדישע מאַסע אין דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפֿט‟, „אַל.ק.פּ. און די ייִדישע מאַסן‟. אומזיסט וועלן מיר זוכן אין דער פּראָגראַם דעם קלאַסנקאַמף אין דער יידישער סוויווע, ווײַל אַזעלכעס וועט מען דאָרטן ניט געפֿינען.

אין די ענטפֿערן אַף די פֿראַגן וועגן דער אײַנאָרדענונג פֿון דער אָרעמער ייִדישער באַפֿעלקערונג, ווערט הויפּטזעכלעך אָנגעוויזן די ערד-אײַנאָרדענונג און עס ווערט פֿאַרשוויגן די אײַנאָרדענונג אין דער אינדוסטריע און דורך דער קוסט-געווערב-קאָאָפּעראַציע.

די פֿאָרשטעלונג וועגן קאָהאָל באַ די קינדער איז אַ שוואַכע. אַף דער פֿראַגע „ווער האָט פֿאַרצײַטן אָנגעפֿירט מיטן „קאָהאָל‟, האָבן געענטפֿערט ריכטיק 53 פּראָצ. 15 פּראָצ. האָבן גאָרניט געענטפֿערט. אַף דער פֿראַגע,—„ווי אַזוי האָט קאָהאָל געדריקט די ייִדישע באַלמעלאָכעס‟—האָבן געענטפֿערט 68 פּראָצ. גאָרניט געענטפֿערט—14 פּראָצ. דער גרויסער פּראָצענט פֿון די, וועלכע האָבן ניט געענטפֿערט אַף די לעצטע פֿראַגן באַווײַזט אונדז, אַז אין די שולן האָט מען וועגן דעם ניט געלערנט. אין די ענטפֿערן פֿעלט אויך דער אויסגעשפּראָכענער קלאַסן-אינהאַלט. לויט דער פֿאָרשטעלונג פֿון די קינדער, טראָגט דער דרוק פֿונעם ייִדישן גוויר אַפֿן אָרעמאַן גיכער אַ שטייגערישן כאַראַקטער, ווי אַן עקאָנאָמישן (קליידונג, מיזרעך-וואַנט א. א. וו.). באַ אַ טייל קינדער איז דאָ אַ פֿאָרשטעלונג, אַז „מיט קאָהאָל האָט אָנגעפֿירט דער פֿאָרעך‟, „דער גאַלעך‟, „דער קייסער‟.

דער נידעריקער פּראָצענט פֿון ריכטיקע ענטפֿערן אַף די געשיכטלעכע מאָמענטן פֿון די ייִד-עלעמענטן אין געזקענטעניש באַווײַזן אונדז, אַז אַ טייל לערער זײַנען שוואַך צוגעגרייט אַף דעם געביט.

* * *

דער ענטפֿער איז ניט שטענדיק כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער סאָציאַלער גרופּע, פֿון וועלכער דער קינד שטאַמט. דאָס קינד פֿון דער סאָציאַל-פֿרעמדער און סאָציאַל-פֿײַנטלעכער סוויווע באַטראַכט זיך פֿריער זייער גוט, איידער ער גיט אַן ענטפֿער אין אַ שריפֿטלעכער פֿאָרם אַף דער אָדער יענער פֿראַגע. ביפֿראַט נאָך דאָרט, ווו ער שרײַבט אונטער זײַן פֿאַמיליע. ער ענטפֿערט דעריבער געגוי און ריכטיק ווי דער לערער דערקלערט, ווי עס ווערט געזאָגט אין ביכל. אייניציקע ענטפֿערן זײַנען דאָך כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ גאַנצער סאָציאַלער גרופּע. אַזעלכע איינצלנע אָריגינעלע ענטפֿערן זײַנען געווען איבער פֿאַרשיידענע פֿראַגן. אין זיי איז צו זען, ווי אַזוי באַנעמען די אָדער יענע דערשײַנונגען און ווי עס טראַכטן וועגן זיי די קינדער פֿון די סאָציאַל-פֿרעמדע עלעמענטן, וועלכע זײַנען ניט פּאַסיוו און באַמיען זיך טיילווײַז באַווירקן די קינדער פֿון ארבעטנדיקע און אַפֿילע פֿון אַרבעטער. אַ ריי פֿײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען בכלל אין דער שול מיצאַד די קינדער פֿון קלאַסן-פֿרעמדע און פֿײַנטלעכע עלעמענטן באַווײַזן אונדז בוילעט, אַז די איינצלנע

כאַראַקטעריסטישע ענטפֿערן זײַנען טיפּיש פֿאַר דער סאָציאַלער גרופּע, פֿון וועלכער זיי שטאַמען.

אָט ווי עס רופֿן זיך אָפּ קינדער פֿון פֿאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן וועגן אונדזערע ברויט-שוועריקייטן:

1. „דער פּויער וויל ניט פֿאַרקויפֿן קיין ברויט, ווײַל ער האָט ניט פֿאַר די געלט וואָס צו קויפֿן” (אַ קינד פֿון אַ הענדלער).

2. „מיר וועלן באַזײַטיקן דעם ברויט-מאַנגל, ווען מ'וועט קומען צום סאָציאַליזם, קאָלעקטיוויזם און עס וועט זײַן שאָלעם צווישן אַלע פֿעלקער” (אַ קינד פֿון אַ הענדלער. דער ענטפֿער קלינגט איראָניש).

3. „דער ברויט-מאַנגל וועט באַזײַטיקט ווערן, ווען מען וועט פֿאַנאַנדערזעצן די פּויערים אַף כוטאָרעס און פּאָסיאָלקעס” (אַ קינד פֿון אַ פּויער).

4. „מען וועט באַזײַטיקן דעם ברויט-מאַנגל, אַז מען וועט אַרײַנציִען דעם קולאַק אין קאָלעקטיוו” (אַ קינד פֿון אַ פּויער).

5. „דער ברויט-מאַנגל איז דערפֿאַר, ווײַל מיר דאַרפֿן צאָלן פֿאַר מאַשינעס, די געלט נעמט מען ניט אין אויסלאַנד, צאָלן מיר מיט ברויט” (אַ קינד פֿון אַ קוסטאַר).

6. „מען דאַרף דערשטיקן די קולאַקעס, וועט זײַן ברויט” (אַ קינד פֿון אַן אַרבעטער).

אָט דאָ האָבן מיר אַ פֿאַרשיידנאַרטיקן צוגאַנג אַף אויפֿקלערן די סיבעס און לייזן די פֿראַגע פֿון אונדזערע ברויט-שוועריקייטן לויט די פֿאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן. איר האָט דאָ די פֿאַרביסנקייט און איראָניע פֿון הענדלער, איר האָט דאָ די „פּרישטשעפּאָווטשינע” מיצאַד דעם קולאַק, די „באַלעבעסלריקע” דערקלערונג פֿון קוסטאַר מיט „אויסלאַנד” און דעם קלאַסן-האַס פֿון דעם אַרבעטער צו די קולאַקעס.

אינטערעסאַנט, ווי אַזוי אַ הענדלערס אַ קינד דערקלערט די נויטווענדיקייט פֿון אײַנפֿירן דעם „נעפּ”.

— „דער „נעפּ” איז אײַנגעפֿירט דערפֿאַר, קעדיי עס זאָל זיך אַנטוויקלען דער האַנדל אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, ווײַל בעשאַס עס איז געווען דער מיליטער-קאָמוניזם, האָט מען ניט געטאָרט האַנדלען, איז ניט געווען בײַ וועמען צו נעמען נאַלאָגן”. לויט אָט דעם שטאַנדפּונקט איז דעריקער אײַנגעפֿירט געוואָרן „נעפּ” צוליב די שטייערן.

דער הענדלער האַלט דעם „געזערד” פֿאַר זײַנע אַן אָרגאַניזאַציע.—„געזערד” איז אַזאַ געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זעט פֿאַרהיטן די אינטערעסן פֿון די ייִדן. ער זעט, אַז געוועזענע הענדלער זאָלן זיך פֿאַרנעמען מיט אַרבעט”. פֿון דעם פֿאַרברייטערט שוין אַן אַנדער קינד די פֿראַגע—ניט נאָר דער „געזערד”, נאָר „די סאָוועטנמאַכט זעט אַלע ייִדישע הענדלער באַזעצן אַף ערד און פֿאַרוואַנדלען זיי אין ערדאַרבעטער”.

אָן צווייפֿל, אַז דאָ האָבן מיר אַן אָפּשפּיגלונג פֿון רעכטן אָפּנויג אין דער ייִד. אַרבעט, וואָס איז מיט אַזאַ צופֿרידנקייט אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורכן הענדלער, דאָס באַקומט אויך אַן אויסדריק אין דער שול-אַרבעט און ווערט אונטערגעכאַפּט פֿונעם הענדלערישן קינד.

מיר האָבן אויך אַ גרופּע ענטפֿערן, וואָס דערקלערן אַלץ פֿון נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט:

1. „די פֿאַרבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף איז נויטיק דערפֿאַר, ווײַל פּויערים זײַנען מער פֿאַר ייִדן” (אַ קינד פֿון אַ הענדלער).

2. „פֿאַר דער צאַרישער מאַכט האָט מען ייִדן געטריבן פֿון די דערפֿער אין די שטעט, פֿלעגן אַלע ייִדן צונויפֿקלײַבן זיך אין שטאָט און אַזוי פֿלעגן זיך שאַפֿן שטעט” (אַ קינד פֿון אַ הענדלער).

3. „דער גאַלעך אַגיטירט אין קלויסטער, אַז די ייִדן זײַנען סאָנים און נעמען אָפּ דעם האַנדל און אַרבעט בײַ די רוסישע” (אַ קינד פֿון אַ קוסטאַר).

4. „ייִדן זײַנען קליגער—אַגיטירן זיי די פּויערים מען זאָל מאַכן אופשטאַנדן, דערפאַר איז מען אין קאַעס אַף זיי" (אַ קינד פֿון אַ פּויער).

אַלץ ווערט דאָ דערקלערט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון „פּינטעלע ייד". די ייִדן האָבן אויסגעבילדעט די שטעט, געמאַכט רעוואָליוציעס, זײַנען רעוואָליוציאָנערער פֿאַר אַלעמען. צוליב די ייִדן איז די „סמיטשקע".

ווען מיר פֿירן אונטער אַ סאַכאַקל פֿון די מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען דאָ געבראַכט געוואָרן, מוזן מיר קומען צום אויספֿיר, אַז דער צושטאַנד פֿון געזוקענטעניש אין די ייִדשולן פֿון ווײַסרוסלאַנד איז ווײַט ניט קײַן באַפֿרידיקנדיקער. די גרונט-אופגאַבע „העלפֿן דעם שילער אָריענטירן זיך אין אַרומיקן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן" ווערט ווײַט ניט אויסגעפֿילט. דאָס באַווײַזן אונדז די ענטפֿערן אַף די הײַנטצײַטיקע פֿראַגן, איבערהויפּט וועגן אונדזערע ווירטשאַפֿטלעכע שוועריקײַטן. מיר האָבן אַ טייל לערער, וועלכע באַלויכטן ניט מאַרקסיסטיש אַ ריי פֿראַגן סײַ פֿון דער געשיכטע און סײַ פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט. אַ טייל לערער רעאַגירן ניט צו דער צײַט אַף אַ ריי פֿראַגן פֿון פּאָליטיש לויפֿנדיקן מאָמענט. מען שמועסט מיט די קינדער וועגן די פֿראַגן נאָך דאַן, ווען זיי קומען שוין פֿונדערהיים מיט אַ באַשטימטער מיינונג און באַוואָרפֿן דעם לערער מיט די פֿראַגן, וועלכן עס איז אָפּטער שוין שווער אויסוואָרצלען פֿון די קינדער די פֿאַלשע באַלויכטונג, וואָס זיי האָבן באַקומען פֿונדערהיים. דער לערער קעמפֿט ניט ווי געהעריק מיטן ייִדישן שאָוויניזם, עס ווערט ניט אופגעקלערט דער קלאַסן-אינהאַלט פֿון דער רעליגיע באַם איצטערדיקן מאָמענט און די קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע אַרבעט פֿון די קלייקודעש. עס פֿעלט אָפּט באַ אַ טייל לערער דער קלאַסן-צוגאַנג צו אַ ריי געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן, באַזונדערס צו דער עקאָנאָם. פּאָליטיק אין דאָרף. עס ווערט אָפּט פֿאַרשמירט די העגעמאָניע פֿון פּראָלעטאַריאַט אין די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן און באַזונדערס די ראָל פֿון דער קאָמפּאַרטיי.

עס איז נויטיק אָנצוווײַזן נאָך אַף דעם, וואָס אַ טייל לערער דערשאַצן ניט די וויכטיקײַט פֿון די ייד. עלעמענטן אין דער פּראָגראַם אַף געזוקענטעניש, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק פֿאַר דער ייִדשול אין קאַמף קעגן ייִדישן שאָוויניזם. ניט אַלע זײַנען צוגעגרייט צו געבן די ייד. עלעמענטן. אָפּט ווערן זיי אונטערגעטראָגן פֿון נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט. וואָס פֿאַרשטאַרקט, אין רעזולטאַט, באַ די קינדער דעם שאָוויניזם און נאַציאָנאַלדעמאָקראַטיזם. עס פֿעלט אַן אויסגעשפּראָכענע מאַרקסיסטישע באַלויכטונג פֿון די ייד. עלעמענטן.

אַ טייל לערער האָט אָפּט אַ קאַזיאָנעם צוגאַנג צו דער פּראָגראַם. אויב אין דער פּראָגראַם פֿעלט אַזאַ וויכטיקער מאָמענט, ווי דער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן, קאָלעקטיוויזאַציע פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, פֿאַרשאַרפֿטער קלאַסנקאַמף אין שטאָט און דאָרף,—איז ער ניט גענוג בויגעוודיק אַליין אַרײַנברענגען די ענדערונגען אין דער פּראָגראַם. עס פֿעלט דער קריטישער צוגאַנג צו דער פּראָגראַם און לערנביכער. מען באַנוצט ווייניק די צײַטונג, וועלכע איז אומבאַדינגט נויטיק שוין צוליב דעם, וואָס די סאָציאַליסטישע בויונג אין לאַנד גייט מיט אַ גיכערן טעמפּ, ווי דאָס אַרויסלאָזן נײַע ביכער, וועלכע זאָלן אַרײַננעמען די נײַע דערגרייכונגען פֿון דער סאָצבויונג. באַזונדערס איז וויכטיק די צײַטונג, קעדיי אַרײַנפֿירן די קינדער אין דער רעוו. באַוועגונג פֿון אויסלאַנד, אין דעם קאַמף אַרום דער סאָצבויונג פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

אין דער פּראָגראַם פֿון געזוקענטעניש, אַרויסגעלאָזן פֿון פֿאָלקאָמביל, האָבן מיר אַן אויסגעשפּראָכענעם רעכט-אָפּאָרטוניסטישן אָפּנויג. ווי זאָלן מיר אַנדערש דערקלערן דאָס, וואָס עס פֿעלט אין דער פּראָגראַם די קלאַסן-דיפֿערענציאַציע אין דאָרף, די קלאַסן-דיפֿערענציאַציע אין דער ייִדישער סוויווע (אין דער פּראָגראַם פֿון די ייד. עלעמענטן). אַ קולטור-טרעגערישער צוגאַנג צו דער אַנטירעליגיעזער אַרבעט.

דער פֿאָלקאָמבילד דאַרף גלײַך צוטרעטן איבעראַרבעטן די פּראָגראַמען און פֿאַרריכטן די פֿעלערן, וועלכע זײַנען אין איר פֿאַראַן. דאָסזעלבע דאַרף געטאָן ווערן בנוגע די לערנביכער. עס דאַרפֿן אַרויסגענומען ווערן פֿון באַנוץ די אידעאָלאָגיש ניטאויסגעהאַלטענע לערנביכער.

מיר דאַרפֿן אָבער נאָכאַמאָל וואָרענען, אַז באַ די בעסטע פּראָגראַמען, אויב דער לערער וועט ניט זײַן מאַרקסיסטיש-לעניניסטיש צוגעגרייט, וועלן מיר האָבן דיזעלבע רעזולטאַטן, וואָס מיר האָבן באַם איצטערדיקן מאָמענט. דער לערער דאַרף אַרבעטן איבער זיך. די, וועלכע זײַנען ניט פֿעיק מאַרקסיסטיש-לענינסטיש באַלויכטן גרייזןקאַנטעניש, דאַרפֿן באַזײַטיקט ווערן פֿון אונדזערע שולן און באַזונדערס פֿון דעם לימעד.

---

צ. דאָלגאָפּאָלסקי.

# אַ סאָף צום אַלטן ראָהאַטשאָוו.

(פֿאַרצייכענונגען).

איר האָט אַמאָל געזען אַן אויסגעהאַקטן וואַלד?—די אַלטע, אויסגעטריקנטע, איַינגעוואָרצלטע שטאַמען טאַרטשען אַרויס פֿון דער ערד. די צעצווייגטע פֿאַרדאַרטע וואָרצלען דערציילן פֿון אַמאָליקן ייִכעס. די בוימער האָבן זיך אַמאָל געראַנגלט אין מעכטיקן וווּקס און געצויגן זיך צום הימל, צו דער זון, האָבן איַינגעהאַלטן דעם אינדערפֿריִענדיקן אָטעם פֿון די אַרומיקע פֿעלדער, האָבן וואַטראָנעסדיק אָנגעטיילט מיט שאָטן און שפּע טריזנטער באַשעפֿעניש. נאָר איצט זיַינען די שטאַמען טרוקן און אויסגעזויגן. די זאַפּטיקע שאָלעכץ איז פֿון די בוימער שוין לאַנג אָפּגעשטאַנען, פֿאַרטריקנט געוואָרן און פֿאַרמיעסן די יונגע געוויקסן, וועלכע הויבן אָן אַ נייַעם גערעמען לעבן אונטער דער וואַרעמער זון, אַף דעם אָנגעזעטיקטן, מיט ליכט באַגאָסענעם באָדן.

יוגנט, יוגנט, יוגנט, יוגנט—ניטאָ קיַין אַלטע מענטשן הייַנט אין ראָהאַטשאָוו. עס זיַינען דאָ פֿאַרבליבן אויסגעדאַרטע און פֿאַרשוואַרצטע שטאַמען, וואָס זייערע וואָרצלען פֿוילן אין דער ערד, וואָס בעטן זיך:

— מיר האָבן קיַין קויעך ניט צו פֿאַרענדיקן דעם לעבן-וועג, קומט ווער צו הילף, קאָרטשעוועט אונדז אויס, מאַכט ווייך און פּוכיק דעם באָדן פֿאַר דעם אופֿגעקומענעם דאָר. עס שפּראָצט און וואַקסט און ס'וועט זיך גאָר איַנגיכן צעבליִען אַ נייַער וואַלד.

לויפֿט נאָך אַן אַלטע, אויסגעהאָרעוועטע, איַינגעשרומפּענע און פֿאַרשליומפּערטע ראָהאַטשאָוועער יידענע נאָך אַ ראָהאַטשאָוועער בעהיימע. די יידענע האָט שוין אָנגעציילט אַף איר לעבן עטלעכע און פֿופֿציק וואַרעמע, און זוניקע, און בלענד-שניִיקע פֿעוראַל-טעג—ווערט די יידענע ניט ניספּאָעל פֿון דער ערעוו-פֿריִלינגדיקער זון. די רויטע בעהיימע האָט אָבער אַף אירע הערנער איַנגאַנצן דריַי קאָרבן—איז איר אַזוי גוט און פֿריילעך, הויבט זי אַזוי האָפֿערדיק דעם עק, צעלויפֿט זיך מעשוגענערוויַיז איבער רויטאַרמעישער גאַס, איבעריאָגנדיק הינטער זיך די שווער-אָטעמדיקע יידענע.

— פֿעטער, פֿאַרהאַלט.

וויל יאָ, וויל ניט. גיב זיך אונטער, גיב זיך ניט אונטער—הייַנט דאַרפֿן אַלע ראָהאַטשאָוועער באַלעבאַטים ברענגען זייערע בעהיימעס צום רייַאויספּירקאָם, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין דעם, דאַכט זיך, איינציקן דריַישטאָקיקן מויער. וועלכן אַ ראָהאַטשאָוועער נאָגיד האָט אַמאָל אופֿגעשטעלט. דאָ, באַם רייַאויספּירקאָם, שרייַבט מען אַראָפּ די בעהיימעס, דאָ וועגט מען זיי אָפּ, דאָ פֿאַרצייכנט מען אַלע מייַלעס און כעסרוינעס פֿון דער בעהיימע. איר קאָליר, איר פֿעל, איר „איידעלן פֿאַסאָן", און מע לאָזט זי אָפּ צוריק אַהיים.

איך פֿאַרהאַלט די בעהיימע. די פֿיס, דער בויך אַרום די יונגע אייטער איז פֿאַרוואַקסן מיט פֿאַרטריקנטע, פֿאַרבראַקנעטע צייע. די פֿעל איז ווינטערדיק-צופּיושעט, נאָר דער קאָפּ איז האָפֿערדיק און יאַכסאָנעסדיק, די אויגן זשוליקעוואַטע.

— פֿאַרוואָס איז זי באַ אײַך אַזוי פֿאַרשמוציקט?

— ניטאָ קיין פּאַסטיעל: די קאָלעקטיוון פּרעסן אַלץ אויף.

-- און וויפֿל גיט זי מילך?

— דרײַ קוואָרט.

— פֿאַרוואָס אַזוי ווייניק?

— ווײַל זי האָט געכאַפּט דריסטוכע.

מיר פֿירן זאַלבעגאַנד די פֿאַרשייטע, צעלאָזענע בריע, און אונדז אַנטקעגן שלעפּט זיך אַף פֿאַנאַנדערגעשרויפֿענע פֿיס אַ הויכער, אַן אָנגערוקטער, אַ בייזער ייד מיט שטעכעדיקע גרויע כאַזער-האָר אַפֿן מאָרדע. דערדאָזיקער בייזער ייד האָט פֿײַנט מיך און זײַן ווײַב און זײַן בעהיימע. ער קערט אָפּ פֿון מיר דעם קאָפּ, ער דאַנקט ניט, דער ראָהאַטשאָוועו אַכזער, וואָס איך האָב געהאָלפֿן זײַן ווײַב די בעהיימע פֿאַרהאַלטן. ער גיט אַ טראָסק מיטן לינקן שטיוול דער בעהיימע אין ליטקע.

---

שטייט אַ צווייטער ראָהאַטשאָווער נעפּעש באָם בופֿעט פֿון ראָהאַטשאָווער קאָאָפּעראַטיווער קיך, אַ שטאַרקער, אַף הויכע פֿיס, אין האַלבע טיפֿע קאַלאָשן מיט לאַנגע הענט, אײַנגעוויקלט אין אַרומגעריסענע אַרבל פֿון אַ מאַרדערענעם פֿוטער, אַן איבערגעבּרענטער פּאָנים, אַן אָנגעדראָלענער, מיט פֿולע צעשפּאָלטענע ליפּן, מיט היפּשע קישעלעך אונטער די עטוואָס רויטלעכע אויגן, מיט עטלעכע האָר אַפֿן נאַקעטן קאָפּ. די פֿאַרקויפֿערן איז נאָך אומשולדיק-יונג און דאָרפֿיש. ער, דער בייזער ראָהאַטשאָווער מענטש, דער אַלטער יאַכסן, כעשבנט אַף ייִדיש, און דאָס ווײַסרוסישע מיידל פֿאַרשטייט ניט אַ וואָרט און וואַרט רויִק, ביז דער ייד וועט זיך מיט איר פֿאַנאַנדערצאָלן.

— אַ פֿערטל וורשט—פּאַסקודסטווע, אַ פּאָרציע געפּרעגלטע געזאַלצענע פֿיש—סאַם-האַמאָוועס, צוויי קאַווע, צוויי שטיקלעך ברויט.

דער הויכער ייִד, מיט אַ פּאָנים פֿון אַ צערויניִרטן גוטבאַזיצער, שלעפּט זיך מיט די אײַנגעקויפֿטע פּאָרציעס צו אַ טישל. ער באַטראַכט אונדז, אָנגעפֿאָרענע, מיט גיפֿטיקן קאַעס, ראַנגלט זיך מיט יעדן ביסן און מאָלט אים דורך צווישן די עטלעכע ציינער, וועלכע האַלטן זיך נאָך ווי עס איז, דערשלינגט גיך דאָס אײַנגעקויפֿטע און גייט אַרויס פֿון קיך מיט אַ שווײַגנדיקער קלאָלע אַף די ליפּן.

הײַנט איז זונטיק. אין קלויסטער קומט פֿאָר אַ גאָטעס-דינסט, נאָר באָם קלויסטער זעט מען ניט קיין פּויערים. עס קלינגען די גלאָקן ניט זיכער, אָנגעשפּאָלטן, הייזעריק. און די ברייטע, מיט ליכט באַגאָסענע, ווינטערדיקע גאַסן זײַנען פֿאַרפֿלייצט מיט פּויערים. מיטן באַן איז הײַנט אָנגעקומען פֿון ערגעץ ווײַט אַ מאַרשרוט אָפּגערייניקטער, ייכעסדיקער האַבער, נאָך וועלכן מען איז געקומען פֿון דעם ווײַטסטן פּראָפּויסקער ראַיאָן. אַ גאַנצן טאָג פֿאָרן צום באַן הונדערטער פֿורן אָנגעלאָדענע מיט האָבער. ווען איר שטעלט ניט אָפּ און באַ ווען איר זאָלט ניט פֿרעגן, פֿונוואַנען ער פֿאָרט, באַקומט איר איין ענטפֿער:

— קאַלהאַסנאַיע.

אַ פּויער האָט זיך אַף אַ זײַט צעלייגט אין זײַן ברייטן שליטן און האָט מיט רוגזע צעטריבן זײַן ווײַסן אַלטן פֿערד.

דער אַלטער פֿערד איז באַליידיקט, איז מיט כאַראַקטער און אַמביציע. ער שפּרינגט ניט גערן, בריקעט זיך מיט די הינטערשטע פֿיס, און פּויערטעס באַגלייטן דעם ווילדן פּויער מיט פֿאָרוואורף:

— די סקאָטינע איז דאָך ניט שולדיק.

— און איר פֿונוואַנען פֿאָרט?

— פֿון קאַלהאַס.

— געקומען אין שטאָט נאָך שניט-סכוירע.

— דו זעסט ניט, אַז איך דאַרף אַ מאַמע ווערן.

אַ שטײַפֿער, פֿויערישער געלעכטער באַדעקט די לעצטע פֿראַזע. אַלע זײַנען אָנגעפּעלצט אַלע זײַנען אַרומגעגאַרטלט, אַ גרויסער טייל זײַנען אין לאַפּטשעס אָנגעטאָן.

הײַנט זײַנען אין ראָהאַטשאָוו אָנגעפֿאָרן אַסאַך געסט: בריגאַדירן, אַרויסגערוקטע אַרבעטער פֿאַר דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע, אַ פּאָר יונגע שרײַבער-אָנפֿאַנגער פֿון לענינגראַד, אַ בריגאַדע ווײַסרוסישע שרײַבער. עס זײַנען אויך אָנגעפֿאָרן דעלעגאַטן פֿון די קאָלווירטן. אַלע אָנגעפֿאָרענע האָבן, דאַכט זיך, איין ציל—מיטהעלפֿן דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע מיט וואָס איינער קען. אין אייניקע וויטרינעס זײַנען אַרויסגעשטעלט פּלאַקאַטן וועגן דרײַ-כוידעשניק פֿון דער ווײַסרוסישער און נאַצמינדישער פּראָלעטאַרישער קולטור. אַפֿישן וועגן אָוונטן זײַנען אויך אַרויסגעהאַנגען באַם אַרבעטער-קלוב. נאָר צוזאַמען מיט די אַפֿישן זײַנען אַף די ווענט נאָך אויך פֿאַרבליבן אַפֿישן פֿון אָרטיקן דראַמקרײַז. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט דער אָרטיקער דראַמקרײַז אויסגעפֿירט די פּיעסע „די בלינדע בערשטלמאַכערן". עס שפּיגלט זיך אַף דער קינאָ-וויטרינע דער כאַלטורעסטראַדניק לעוו ברוין. נאָר אָט לייענט איר אַ גרויסע אַפֿיש וועגן אַ ליט. אָוונט פֿון צוויי אָנפֿאַנגער-דיכטער, וואָס זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן פֿון לענינגראַדער ליט. גרופּע „רעזעק". הײַנט וועט איינער פֿון די יונגע געקומענע רוסישע דיכטער לייענען אַ קאַפּיטל פֿון זײַן פּאָעמע „אַ וואָרט באַקומט דער שוסטער גראַוּוק". ראָהאַטשאָווער יוגנט, און ניט נאָר די יוגנט אַליין, טיילט אויס דידאָזיקע קענטיקע שורע אַף דער אַפֿיש. אין ראָהאַטשאָוו איז דער שוסטער גראַוּוקער ניט קײַן אַבסטראַקטע פֿיגור. דאָס איז אַ לעבעדיקער מענטש. דאָ איז טאַקע פֿאַראַן אַ שוסטער מיטן נאָמען גראַוּוקער, וועלכער פֿאָרט שוין אַרײַן אין די זיבעציקער, אַרבעט דעם צווייטן יאָר אום שאַבעס און האָט באָנים, וועלכע זײַנען הײַנט די פֿירער אין דעם גאַנצן ראַיאָן. איין זון גראַוּוקערס איז דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פֿון ראָהאַטשאָווער ראַיאָנער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע, איז צוזאַמען מיט הולמאַנען, אויך אַ קאָמיוגיסט, און אויך אַ פֿירער פֿון דעם אָרטיקן קאָמיוג, און אויך, דאַכט זיך, אַ שוסטער, זיך דורכגעפֿאָרן איבערן גאַנצן ראַיאָן קאָנטראָלירן די אַרבעט פֿון ראָהאַטשאָווער קאָמיוג. ביידע קאָמיוגיסטן האָבן פֿאַרבראַכט אין די ראָהאַטשאָווער דערפֿער באַ צוויי וואָכן צײַט, האָבן דאָ דורכגעפֿירט צענדליקער באַראַטונגען און פֿאַרזאַמלונגען, האָבן אַקטיוו און מיט מעסירעס-נעפֿעש מיטגעהאָלפֿן פֿאַראַלגעמיינערן די פֿי, ליקווידירן אייניקע באַלעגופֿים און אָוועקשטעלן אַף די פֿיס דעם טויזנטקעפּיקן קאָמיוג אין קאַמף פֿאַר דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע.

הײַנט איז דער יונגער גראַוּוקער געקומען פֿון וועג. ער זיצט באַ דער מאַשינקע פֿון ראַיאָנעם קאָמיטעט מיט אַ פּאַק פּראָטאָקאָלן און דיקטירט אין אַ גאַנץ זאַפֿטיקער ווײַסרוסישער שפּראַך די רעזולטאַטן פֿון זײַן נעסיע. אין 20-טן יאָר האָט דער אַלטער גראַוּוקער דער ערשטער גערופֿן צום קאַמף מיט דער בורזשואַזיע. אין 20-טן יאָר האָט מען אין ראָהאַטשאָוו געלאַכט אין די הויפֿנס פֿון גראַוּוקערס רעדע. און ציאָניסטישע און בונדיסטישע יונגע-לײַטלעך האָבן כייזעק געמאַכט פֿון דעם אַלטן טאַטן, וואָס האָט זיך געשניטן אַף אַ באָלשעוויק. איצט אָבער האָט גראַוּוקער אויסגעהאָדעוועט אַ יאַט, וועלכער האָט איבערגענומען פֿון די אָרטיקע האַדראַס-פּעניםדיקע, העברעישע שאַכמאַטיסטן און סטאַם יאַכסאָנים זייער אָנפֿירונג, איז אָט וועגן דעם אַלטן גראַוּוקערן וועט הײַנט אַרויסטרעטן דער 20-יאָריקער יידישער דיכטער, וואָס איז געקומען צו גאַסט אין ראָהאַטשאָוו, מיט אייגענע לידער אין רוסיש און מיט אַ 5-יאָריקן סטאַזש אַף איינער פֿון די לענינגראַדער עלעקטראָ-מאָנטיאָרישע פֿאַבריקן.

אָט ליגט פֿאַר מיר אַן אָפּגעדרוקטער קאַפּיטל פֿון דעם ראָהאַטשאָווער יידיש-רוסישן דיכטער ס. ביטאָווי. דאָ, אין דעם קאַפּיטל איז קײַן זאַך ניט אויסגעטראַכט. דער ראָהאַ-

טשאָווער בריק רופט זיך דאָ דרוטער בריק און דער ראָהאַטשאָווער אוריאַדניק רופט זיך מיט זײַן עמעסן נאָמען, און דער אייגנטימער פון דעם גרויסן שוסטער-וואַרשטאַט ווערט דאָ אָנגערופן מיט זײַן עמעסן נאָמען סטאָלפּין, און אויך דער שוסטער גערײַוקער ווערט דאָ אָנגערופן מיט אַ קלײנער ענדערונג—גערײַוקין. ער רופט די אָרטיקע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס פאַרייניקן זיך צו דער באָלשעוויסטישער דעמאָנסטראַציע.

די אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס פון ראָהאַטשאָוו נעמען אויף זייער כאַווערישׁ און וואַרעם די אָנגעפּאָרענע „פּיסמעניקעס“, אַף וואָס פאַר אַ שפּראַך זיי זאָלן ניט שרײַבן. איר זעט דאָ אָנגעלייגטע געסט אין פּראָפּראַט, אין רײַקאָם און באַם קאָמיוג, אין די שולן און אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אָבער די אַרבעטנדיקע פאָדערן מע זאָל צו זיי קומען. אַדהאַיאָם טראָגן נאָך די אָרטיקע קאָמיוגיסטן און האָרעפּאַשניקעס אַ האַרץ אַף אַ באַקאַנטן ייִדישן דיכטער, וועלכער איז מיט אַ יאָר אָנדערהאַלבן צוריק געקומען אין ראָהאַטשאָוו, האָט זיך געכאַווערט מיט די אַמאָליקע פּניי און פאַר „אַמכאָ“ זיך ניט באַוויזן. פאַר שרײַבער, קולטור-טוער, פּאַרט-טוער מאַכט מען אין ראָהאַטשאָוו אַ פײַנעם קאַכאָלאַס-פּאָנים. שלעכט ווערן דאָ אויפגענומען פאָרשטייער פון דער קלערוקאַלער וועלט. אַף אַסאַך טירן פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן מיר געטראָפן אין ראָהאַטשאָוו אַזאַ אויפשריפט:

> דאָ געפינען זיך אַפּיקאָרסים.
> ראַבאָנים, דאַיאָנים, שאָכטים, מאַגידים און שאַמאָסים
> בעט מען ניט אַרײַנגיין.

מיט מיר זײַנען געקומען אין ראָהאַטשאָוו דרײַ ווײַסרוסישע כאַווײדים: בראָווקאָ, אַ זון פון אַ ווײַסרוסישן פויער, גלעבקאָ, אויך אַ זון פון אַ ווײַסרוסישן פויער, פּאָוואָראָטני איז אויך געבאָרן געוואָרן אין אַ פויערישער געזינד. אַלע זײַנען זיי היינט סטודענטן פון דעם ווײַסרוסישן מעלוכע-אוניווערסיטעט. אַלע זאַלבעדריט זײַנען זיי אַלט צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר. בראָווקאָ און גלעבקאָ שרײַבן לידער, פּאָוואָראָטני פירט אָן מיט אַן אָפּטיילונג אין מעלוכע-פאַרלאַג. אַף בראָווקען ליגן זיכער די שטאָטישע קליידער—די הוט, די געלע שיך, דער אנצוג. בראָווקאָ באַטראַכט די אַרומיקע וועלט אַזוי:

— איר זאָגט, אַז דאָס איז ניט קיין ריינע גלאָז? און ווי, אַז מע רופט אונדז מאָרגן אין דער רויטער אַרמיי, ווי איז, אַז מען וועט זיך דאַרפן מאָרגן ריִרן פון אָרט? איר וועט טרינקען דאַן פון ערגערע גלעזער.

גלעבקאָ איז דער הייפעך פון בראָווקען. גלעבקאָ איז אַ לאַמדן, איז גוט באַקאָנט מיט דער גאַנצער ווײַסרוסישער ליטעראַטור, ציטירט לידער און אַפילע פּראָזע פון אַסאַך ווײַסרוסישע שרײַבער אַף אויסווייניק. ער רעדט וואָגיק און דורכגעטראַכט, ער גיט אַ ריכטיקן אַנאַליז פון אַלע אָפּנויגן אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור, און זײַן זיכערקײַט גיט זיך איבער דער אוידיטאָריע, וועלכע הערט אים זייער אויפמערקזאַם. פּאָוואָראָטני שנײַדט זיך אַף אַ סאָוועטישן פאַרלעגער. פון אים פאָדערט זיך, ער זאָל קענען פאַרשטיין אַ בוך, ער זאָל קענען ריכטיק אָפּשאַצן זײַן אינהאַלט, זײַן וואָגיקײַט, זײַן פּאָליטישע אויסגעהאַלטנקײַט. דער יונגער כאַווער האָט אין זײַן פּאָרטפעל איבער 100 מאַנוסקריפּטן, יוגנטלעכע ליטעראַטור. און ער דאַרף מאַכן דער ערשטער דעם אָפּקלײַב, וואָס דרוקן און וואָס ניט.

איז אָט, מיט אָט די דרײַ יונגע כאַווײרים זײַנען מיר אַרײַן אין דער ייִדישער זיבן-יאָריקער שול אָפּגעבן ניטגעבעטענערהייט אַ גוטמאָרגן דער קליינוואַרג. די יונגען, דאַכט מיר, גיבן אָפּ אַן ערשטן מאָל אַזאַ וויזיט, און די יונגע ייִדישע לערער נעמען אויף אַן ערשטן מאָל אַזעלכע געסט. זיצן די געסט אין לערער-צימער מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט, ווי כאַסאַנים. און וואַרטן אַף פאַראָרדענונגען פון דעם פאַרוואַלטער, וועלכער איז שטאַרק צעטומלט.

ס׳וועט אַף גיך אָרגאַניזירט אַ ליט. פֿרימאָרגן אינעם „גרויסן זאַל. די גאַנצע שול וועט פלוצלונג יאָנטעוודיק געשטימט, דער פֿאַרוואַלטער שטעלט אונדז פֿאָר פֿאַר די קינדער אין יידיש, די שול הערט אויס אַ באַריכט וועגן יוגנט-ליטעראַטור. ביידע יונגע ווײַסרוסישע ריכטער טרעטן אַרויס מיט זייערע לידער. איך לייען פֿון מײַנע מיניאַטיורן, לויט די אָנווײַזונגען פֿון די ווײַסרוסישע שרײַבער, וועלכע האָבן שוין באַוויזן צו באַקאָנען זיך מיט מײַן גאַנצן רעפּערטואַר.

ליכטיקע, לויטערע קינדערשע פּעניִמער פֿינקלען פֿאַר אונדז פֿון די בענק. קינדערשע אַפּלאָדיסמענטן נאָך יעדן אַרויסטריט. עס טרעטן אַרויס די קינדער מיט זייערע לידער. עס טרעטן אָרויס קינדער מיט לידער פֿון דער יידישער און ווײַסרוסישער ליטעראַטור. אַ יידישע מיידעלע דעקלאַמירט יאַקוב קאָלאָסן. די שפּראַך איז דאָרפֿיש, זאַפֿטיק און קינדיש. מײַנע יאַסן הויבט פֿון אָרט. בראָווקאָ מאַכט:

— כאַפּט דאָס דער טײַוול, די כעוורע האָבן מיר דערנומען ביז דער צענטער ריפּ.

עס טרעטן אַרויס צוויי קינדער מיט אַן ענטפֿער און מיט אַ דעקלאַראַציע צו די געסט. איינער אַ שילער רעדט אין יידיש אַ צווייטע מיידעלע רעדט אין ווײַסרוסיש. דאָס מיידעלע וואַקסט אַ רעדנערן. עס האָדעוועט זיך אין ראָהאַטשאָווער זיבניאָריקער שול רויטע טריבונען. אַזאַ שפּראַך, אַזוי אויסגעהאַלטן, אַזוי באַנעמען פֿראַגן פֿון אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג.

פֿון דער יידישער שול גייען מיר אין אַ צווייטער ווײַסרוסישער שול. דאָרט לערנען זיך איבער 400 קינדער, וואָס קאָנען ניט קײַן יידיש און מיסטאָמע באַ 100 יידישע קינדער. איך לייג פֿאָר מײַנע ווײַסרוסישע קאָלעגן, זיי זאָלן מיך אינגאַצן באַפֿרײַען פֿון „מײַנע נומערן״, נאָר זיי ווילן אַפּילע ניט הערן. גיבן זיי מיר דירעקטיוון וואָס איך זאָל לייענען. איך גיי אום איבער די גרויסע קאָרידאָרן און פֿיל זיך ניט היימלעך. עס כאַפּן מיך אַרום אַלטע, פֿאַרגעסענע טעג פֿון צאַרישע מיטלשולן, פֿון סעמינאַריעס, ווו שטעטלדיקע יידישע יונגעלײַט האָבן געדאַרפֿט אָפּהאַלטן זייער עקזאַמען. די לערער פֿון דער שול זײַנען דאָסראָווע אויך אַלטע, גאָר אַלטע. די שול גופֿע רעכנט זיך ניט פֿאַר דער בעסטער שול אין ראַיאָן. מיר קלײַבן זיך צונויף אין אַ זאַל. עס קוקן אַף אונדז עטלעכע פֿאָר הונדערט קינדערשע אויגעלעך, וואָס פֿאַרשטייען ניט קײַן יידיש. איך זאָג אַרויס מײַן סאָפּעק, צי איך זאָל לייענען פֿאַר די קינדער גופֿע. די לעצטע ענטפֿערן מיט אַ רוישענדיקער פּאַטשערײַ: לייענען! לייענען!

די צווייטע זיבניאָריקע שול פֿאַרמאָגט ביז 18 גרופּעס. אין די צאַרישע צײַטן איז דאָס געווען אַ פּריציִשע פּעסטונג. דאָ האָבן זיך דערצויגן לערער-סעמינאַריסטן איזאָלירט פֿון שטאָט, די שול האָט פֿאַרמאָגט אַ ראַכוועסדיקן פּלאַץ, אַ גוט אײַנגעאָרדנטע צוזאַמענוווינונג, אַן אייגענעם קלויסטער, וועלכער איז איצט אַרויסגעשלײַדערט געוואָרן, אייגענע גאַלאָכים און שטאָט-מאַשגיכים, וואָס האָבן געדאַרפֿט דעם „פּעדאַגאָגישן״ אַנשטאַלט האַלטן אין געדער.

---

ראָהאַטשאָווער אַרבעטער-פּאַרטיי-קלוב געפֿינט זיך נאָך אין פּעריאָד פֿון בויען. ער פֿאַרמאָגט אַ ריי צימערן פֿאַר קרײַז-אַרבעט. מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָט מען אין צושויער-זאַל אויפֿגעשטעלט אַ צווייטן שטאָק, גיכער געזאָגט, אַ שאַלקע, וועלכע ציט זיך ווי אַ דאַלעד פֿון ביידע זײַטן וואַנט, ניט אַ גענישטע האַנט האָט אויפֿגעהויבן די שאַלקע קימאַט ביז דער סטעליע, איבערלאָזנדיק אַן אָרט פֿאַר אַ מענטשן פֿון ניט קײַן הויכן וווּקס קעדיי צו שטיין. דאָרט אַף דער שאַלקע איז שרעקלעך הייס און ניט באַקוועם, נאָר דער רויטאַרמעישער אָרקעסטער קלאַפּט אָפּ גאַנץ האָפֿערדיק די ערשטע טאַקטן פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל נאָך יעדער קלענערער און גרעסערער אַרויסטרעטונג. דאָ, אין קלוב, קומט אויך

פֿאַר דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער אָװנט פֿון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אַף קאַרגע 300 נומערירטע ערטער זיצן אַ מענטשן 500 אין מאַנטלען, אין פֿוטערס, אין װאָליקעס. געקומען אַפֿן אָװנט איז אױך די אָרטיקע אינטעליגענץ. אין פּרעזידיום קומען אָן צעטעלעך, צעטעלעך, צעטעלעך, װעלכע איבערצײַגן אײַך, אַז די װײַסרוסישע שפּראַך איז ניט קײַן קאַפּריז, ניט קײַן אױסגעטראַכטע זאַך פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע. די זױמען פֿון דער װײַסרוסישער שפּראַך זײַנען געלעגן טיף אינעם פֿאַרהאַרטעװעטן, ניטבאַאַרבעטן, אײַנגעטראָטענעם, מיט װילד-גראָז פֿאַרװאָקסענעם באָדן. איצט, אַז דער באָדן איז גוט באַאַרבעט געװאָרן, פּוכיק און זאַפּטיק, האָט פֿון אױבן אָנגעהױבן אַרױסשפּראָצן אַ לעבעדיקע, אַ בױגעװדיקע, אַ בלוט-פֿולע שפּראַך.

עס טרעטן אַרױס אין די „ספּרעטשקעס‟ יונגע רעדנער מיט פֿאַרהאַרטעװעטע, פּױערישע פּנימער. זײער שפּראַך איז פֿון װאַלד, פֿון פֿעלד, פֿון זומפּ, פֿון טאָרף-בלאָטעס, אָבער זײערע טײַנעס זײַנען אַקשאָנעסריק, װי אַקשאָנעסדיק עס װילן זיך ניט בױגן אַף זײער קאָפּ די געדיכטע האָר, װי אַקשאָנעסדיק עס זײַנען די יונגע העלדזער אונטער די װײַסרוסישע אױסגענײטע העמדלעך. זײ טרעטן אַרױס, װי באַלעבאַטים, זײ זאָגן:

— איצט, אַז מיר קינדער פֿון דעם אָרעם פּױערטום זײַנען געקומען צום װאָרט, איז הערט זיך צו, און מײנט ניט, אַז מיר זײַנען נאַראָנים און פּאָליטיש אָפּגעשטאַנען.

אײנער, אַ יונגער כאַװער, אַ סטודענט פֿון ראָהאַטשאָװער פּעדאַגאָגישן טעכניקום, איז אַרױסגעטראָטן מיט אַ באַגרינדעטער באַשולדיקונג קעגן דעם פֿאָרטרעגער און אױך קעגן די לײענער. ער האָט אַרײַנגעטראָגן אַ רײ פֿאָרשלאָגן אין דער װײַטערדיקער אַרבעט פֿון דער װײַסרוסישער ליטעראַטור, ער האָט איבערגעכאַזערט אַלע באַשולדיקונגען, װעלכע זײַנען אונדז שױן באַװוסט און האָט פֿון זיך נאָך װאָס עפּעס צוגעגעבן.

— מיר דאַרפֿן רעװידירן אונדזער ליטעראַטור גרינטלעך, האָט געזאָגט דער פּעדטעכניקומעץ כאַװער קאַרפּאָװ, אַפֿילע אונדזער װײַסרוסישער „אינטערנאַציאָנאַל‟ איז אױך ניט קײַן פּראָלעטאַרישער, ער איז גיכער אַ דאָרפֿישער. איר װילט, איך זאָל באַשטעטיקן מיט פֿאַקטן—אָט זײַנען אײַך פֿאַקטן. קאַרפּאָװ הױבט אָן: „אָט װעקו מי ספּאַלי אי נאַס ראַזבודילי‟, און קאָמענטירט: װער האָט געשלאָפֿן, און װער האָט אױפֿגעװעקט, ער גײט װײַטער: „ס׳קאָסאמי סערפּאַמי‟,—װאָס זײַנען דאָס פֿאַראַ װערטער, אין אַ צײַט פֿון סאָציאַלער רעװאָלוציע איז אונדזער „אינטערנאַציאָנאַל‟ אַף דורך און דורך אַ דאָרפֿישער, װוּ איז דאָרט דער אַרבעטער, װוּ איז דאָרט דער פּראָלעטאַריאַט, װוּ איז ער אין אונדזער װײַסרוסישן „אינטערנאַציאָנאַל‟.

פֿאַר דרײַ טעג האָבן מיר דורכגעפֿירט אין ראָהאַטשאָװ 6 גרױסע ליטעראַרישע אָװנטן און פֿרימאָרגנס. קעדײ אַרומכאַפּן אַלע שיכטן האָרעפּאַשניקעס, װעלכע װאַרטן אַף אַזעלכע אָװנטן, האָבן מיר אין ראָהאַטשאָװ אַלײן, ניט רעכענענדיק די דערבײַיקע שטעטלעך און קאָלװירטן, געדאַרפֿט פֿאַרברענגען, לעכאָלהאַפּאָכעס, נאָך אַ װאָך.

קומט אָן דער אָװנט, רוקט זיך אָן אַף ראָהאַטשאָװער גאַסן אַ מאָדנע האַלב-באַלױכטענע פֿינצטערניש, די גאַסיקע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן ניט קײַן קױעך צו באַזיגן דעם אױסגעשטערנטן הימל, דער פּאָליאַרער שטערן שטײט אַ פֿאַרגליװערטער און רעכטס פֿון אים האָט זיך אױסגעלײגט אַפֿן שװאַרצן סאַמעט די „גרױסע בעריכע‟. אין די לעמפּעלעך, װאָס שטעקן אַף הױכע סלופּעס, קענט איר איבערצײלן יעדן אָנגעגליטן אָדערל. דידאָזיקע האַלבע פֿינצטערניש אין די גאַסן, אין די קלובן, אין די שולן און ביבליאָטעקן, אין אַרבעטער-קיך און אין פֿיל געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן נעמט זיך ניט פֿון אָרעמקײַט, אָדער פֿון יערידע, פֿאַרקערט, דאָס איז אַן אױסדריק פֿון װוּקס. ראָהאַטשאָװער עלעקטרישע סטאַנציע קאָן ניט באַזאָרגן די גרױסע באַדערפֿעניש אַף ליכט. אַף ליכט איז מען באַ אונדז אין די שטעטלעך געװאָרן מוירעדיקע פֿוכלער, די קלובן מוז מען באַלױכטן, די אָװנטשולן מוז מען באַלױכטן, די פֿאָלק-הױז מוז מען באַלױכטן, די ביבליאָטעקן מיט טױזנטער

יונגע לעזער מוז מען באַלויכטן, די פּראָפֿאָרגאַניזאַציעס, קינאָ, די קוסטאַרן-געזעלשאַפֿט מוז מען באַלויכטן, די אַרבעטער-דירעס אַוואַדע און אַוואַדע—קלעקט ניט קיין ליכט פֿאַר אַלעמען.

נאַכט. לאַנגע, נידעריקע, שיטערע גאַסן, איבערגעפֿלאַכטענע מיט נאַקעטע סעדער, שוואַרצן אַרויס פֿונעם פֿריש אָנגעשאָטענעם שניי. נאָר ראָהאַטשאָוו שלאָפֿט ניט מיט אַ רויִקן יעכידישן שלאָף. דאָס רויִקע, שטילע, גראָשנדיקע, שטעטלדיקע לעבן איז דיסקרעדיטירט. דער יאָכיד האָט ניט קיין אויסזיכטן צו מאַכן אַ לעבן. אַלע אָרטיקע אַרבעטנדיקע האָבן זיך שוין צונויפֿגעגאָסן אין גרויסע קאָלעקטיוון. אַלע שנײַדער האָבן זיך פֿאַרייניקט און האָבן זיך באַזעצט אין די אַמאָליקע גרויסע הײַזער פֿון די געווילד-הענדלער און אַרבעטן דאָרט. אַלע שוסטער זײַנען אין אַרטעלן, אַלע, אַלע, אַלע. און טאָמער שטעקט נאָך אַרויס ווו ניט ווו אַ שילדל פֿון דעם קוסטאַר „אָדינאָטשקע”, רײַסט זיך דאָס שילדל פֿון ווינט, און דער יאָכיד קוסטאַר אַליין, שלאָגט זיך ניט איינמאָל אַלכעט, וואָס ער איז באַצײַטנס אין אַרטעל ניט אַרײַן, אַפֿילע אַלע ראָהאַטשאָווער שערער האָבן זיך אויך פֿאַרייניקט אין אַן אַרטעל. זיי זיצן, די שערער, אין אַ שלעכטער דירע און האָבן ניט ווו צו שטעלן די פֿאַראַלגעמיינערטע, פֿאַרצײַטיקע, געשלײַפֿטע שפּיגלען, פֿונוואַנען עס האָבן יאָרן לאַנג אַרויסגעקוקט אויסגעכאָלעטע, ראָהאַטשאָווער גוטבאַזיצער, יאָרשים פֿון געהויבענע לייב-איינגנטימער.

ראָהאַטשאָוו האָט שוין ניט קיינע באַזונדערע אייגענע אינטערעסן. ראָהאַטשאָוו איז דורך און דורך אַקטיוו געזעלשאַפֿטלעך. אָט האָט איר הײַנט אַן אַלשטאָטישע שילער-קאָנפֿערענץ פֿון דעם צווייטן קאָנצענטער. דאָרטן שטייט אויך אַ פֿאָרטראָג וועגן די אויפֿגאַבן פֿון דער שול אין פּעריאָד פֿון רעקאָנסטרוקציע און קאָלעקטיוויזאַציע. הײַנט האָט איר אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג פֿון דער אָרטיקער קאָאָפּעראַציע, הײַנט האָט איר אַ ריי זיצונגען און באַראַטונגען, וואָס פֿאַרפֿאָלגן איין און דיזעלבע ציִלן. אַלץ האָט זיך איבערגעגרופּירט. אַלץ פֿון פֿריִער איז אַרונטערגעריסן געוואָרן און פֿאַרמישפּעט. ראָהאַטשאָווער פּאָסט האָט אַ גרויסע פּרעסע-אָפּטיילונג, האָט אַרײַנגענומען אין אירע אויפֿגאַבן דורכשטופּן די פּרעסע און ליטעראַטור אין די ווײַטסטע ווינקלעך פֿון ראַיאָן. אין ראַיקאָם פֿון דער פּאַרטיי, אין קאָמיוג, אין פּראָפֿראַט, אומעטום ווערט געפֿירט אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט צוליב דעם גאַנצן ראַיאָן. עס זײַנען אָפּגעמעקט די גרענעצן פֿון שטאָט און דאָרף, פֿון ראַיאָן און קרײַז, פֿון קרײַז און צענטער.

הײַנט פֿאָרן מיר אַרויס אין קאַרטאָן-פֿאַבריק דורכפֿירן דאָרט אַ ליטעראַרישן אָוונט. דער סעקרעטאַר פֿון דעם קאָמוניסטישן קעמערל, דער כאַווער קרוגליקאָוו, אַ פֿאַבריק-אַרבעטער—אַ שליאָסער, איז געווען אַף אונדזער אָוונט, האָט אונדז באַגריסט, און איז הײַנט צוגעפֿאָרן נאָך אונדז אַף דעם גוט אויסגעכאָוועטן ריסאַק. די פֿאַבריק געפֿינט זיך דרײַ וויאָרסט פֿון ראָהאַטשאָוו. אַמאָל איז דער באַלעבאָס פֿון דער קאַרטאָן-פֿאַבריק געווען דער אינזשענער גאָרעליק. ער האָט פֿון אָנהויב אָן געבויט זײַן פֿאַבריק מיט אַזאַ רעכענונג, קעדיי נאָר וואָס גיכער פֿון איר זיך באַפֿרײַען און דערבײַ אָנלעבן אַ גרינגע און גראָבע מאַטבייע. די ווענט פֿון די קאָרפּוסן זײַנען געווען געבויט ניט זיכער, אינעווייניק פּוסטע. די גאַנצע אײַנאָרדענונג האָט געפֿירט צו זיכערן באַנקראָט. איצט איז די פֿאַבריק פֿאַרגרעסערט געוואָרן. עס זײַנען צוגעקומען מאַשינעס און אין אַלע צעכן גייט אַ פֿיבער-האַפֿטע אַרבעט. לויט דעם פֿינפֿיאָריקן פּלאַן דאַרף אין אָנדערהאַלבן יאָר אַרום די צאָל אַרבעטער אויסוואַקסן ביז 300 מאַן. די קאַרטאָן-פֿאַבריק אַרבעט אין דרײַ מישמוירעס. לויט דעם פּראָמפֿינפּלאַן דאַרף די פֿאַבריק אַלע מעסלעס אַרויסלאָזן 11 טאָן קאַרטאָן. אַדאַנק דעם שטאַרק פֿאַנאַנדערנעוויקלטן טעמפּ האָבן די אַרבעטער פֿאַר יאַנוואַר געגעבן 11% איבעראַרבעטונג און פֿעווראַל כוידעש גיט אויך 109% פֿונעם פּלאַן.

דער דירעקטאָר פֿון פֿאַבריק כאַווער קאַטאָוויטש, אַ פּאַפּיר-אַרבעטער מיט אַ 26-יאָריקן סטאַזש, אַרײַן אין פּאַרטיי מיטן ערשטן לענין-פּריזיוו, אַליין דורכמאַכנדיק אַלערליי עטאַפּן

פֿון אַן אַרבעטער, קען די פֿאַבריק ווי זײַנע 5 פֿינגער, ער קאָן אויך דעם געוועזענעם באַלעבאָס גארעליק.

ווען גאָרעליק וואָלט וויסן, ווי עס אַרבעט איצט זײַן געוועזענע פֿאַבריק, וואָלט ער זיך כאַפּן פֿאַרן קאָפּ. אים האָט זיך דאָס אַפֿילע כאָלעמען ניט געקענט.

איר גייט אַרײַן פֿון איין צעך אין דעם צווייטן, אָט זעט איר אין פרעס-צעך. דאָ אַרבעט דאָסראָוו פֿרויען, פֿון זיי אַ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע. באַ די אַרבעטערנס ברענט אונטער די הענט. ניט מיט אַ געוויינטלעכער שנעלקײַט ווערן אַריבערגעטראָגן צום פּאַק-ווינקל טויזנטער בויגנס קאַרטאָן.

איר גייט אַרײַן איז שליאָסער-צעך, וועלכער געפֿינט זיך אין די אַמאָליקע גאָרעליקס שטאָלן, הײַנט איז דער צעך גוט באַלויכטן און גאַנץ הויך. שליאָסער שטעלן צונויף אַ נײַע פרעס-מאַשין. די מאַשין דאַרף גאָר אינגיכן ווערן פאַרטיק און דער צעך וועט געבן עקאָנאָמיע דער מעלוכע 5000—6000 רובל.

דער שליאָסער-צעך האָט אויך אַרײַנגענומען אין פלאַן פֿון דער אַרבעט אָפרעמאָנטירן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינעס פֿאַרן קאָלווירט, וואָס די פֿאַבריק האָט אַף אים גענומען דאָס שעפֿטום. ראָהאַטשאָווער קאַרטאָן-פֿאַבריק האָט ניט פֿאַרגעסן מאקסימאַל צו באַדינען דעם דאָרף. נאָר וואָס איז אָנגעפֿאָרן דער אַרבעטער כאַווער פּראַוואָסודאָוו. ער איז געקומען פֿון דאָרף אין וואָליקעס, אין אַ קורצן שעפּסענעם פעלצל. ער האָט פֿאַרבראַכט אין דאָרף באַ אַ כוידעש צײַט, פֿאַר דער צײַט האָט ער באַוויזן צו ווערן זייער פּאָפּולער צווישן די פויערים, וועלכע האָבן אים אויסגעקליבן אַלס פֿאָרזיצער פֿון אַ גרויסן קאָלווירט, וואָס פֿאַרמאָגט 1161 העקטאַר פֿאַרזיי-ערד, 31 העקטאַר גאָרטן, 275 העקטאַר לאָנקע.

די קאַרטאָן-פֿאַבריק איז אַ גרויסער שטיצפּונקט פֿאַר דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע. די פֿאַבריק האָט געשלאָסן אַ סאָציאַליסטישן אָפּמאַך מיט אַ ריי קאָלווירטן. פֿאָרשטייער פֿון פֿאַבריק האָבן ראַפּאָרטירט די פויערים וועגן דעם פלאַן פֿון פֿאַבריק און האָבן פֿאָרגעלייגט די פויערים, פֿון זייער זײַט, דעטאַל אויסאַרבעטן דעם אַרבעט-פלאַן פֿון קאָלווירט. דער סאָציאַליסטישער אָפּמאַך צווישן דער קאַרטאָן-פֿאַבריק און צווישן די נײַע קאָלווירטן איז דורכגעגאַנגען אומעטום זייער אימפּאָזאַנט. אַ באַדײַטנדיקער אַקטיוו פֿון פֿאַבריק איז אויסגעטיילט געוואָרן פֿאַרן דאָרף אויך אַף ווײַטער.

דער כאַווער פּראַוואָסודאָוו דערציילט, אַז די קאָלווירטן, וואָס האַלטן זיך אין אָרגאַניזירן, פֿאָדערן קאַטעגאָריש מען זאָל צושיקן אַלס אָנפֿירער פֿאַבריק-אַרבעטער.

— גיט אונדז אַרבעטער, גיט אונדז פֿאַרטייער, שטייען צו די פויערים אַף די פֿאַרזאַמלונגען.

פֿון דעם אַמאָליקן שטעטל און דאָרף בלײַבט ניט אַ שטיין אַף אַ שטיין. עס פֿורעמט זיך אויס אַ נײַער געזעלשאַפֿטלעכער טוער. עס ווערט דאָ אײַנגעבירגערט אַ נײַער צוגאַנג פֿון שטעטל צום דאָרף און פֿון דאָרף צום שטעטל. עס ווערט געשאַפֿן, כאָטש מיט אָנשטרענגונג און מיט שווערקײַט, אַ נײַ לעבן אַף נײַע סאָציאַליסטישע יעסוידעס.

ה. רעמיניק.

# װעגן אַ פֿאַלשער טעאָריע.

פֿאַר דער לעצטער צײַט איז אין דער פּרעסע פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן די קריטיק פֿון פּראָפֿ. פּערעווערזעווס ליטעראַטור-טעאָריע. און דאָס איז גאָר קיין וווּנדער ניט. אין דער טעאָריע פֿון פּראָפֿ. פּערעווערזעוו האָבן מיר פֿאַר זיך אַן אָפּלייקענונג פֿונעם מאַרקסיזם אַפֿן געביט פֿון ליטעראַטור, כאָטש פּערעווערזעוו רעכנט זיך—און ביז ניט לאַנג האָבן אים אויך אַנדערע גערעכנט—פֿאַר אַ מאַרקסיסטישן ליטעראַטור-פֿאָרשער. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס פּערעווערזעוו פֿרײַריקט זײַן אַנטימאַרקסיסטישע טעאָריע אונטער אַ וואָל פֿון מאַרקסיסטישע ציטאַטעס, פֿון אַ מאַרקסיסטישער פֿראַזעאָלאָגיע.

אינעם דאָזיקן אַרטיקל וועל איך פּרוּוון דערווײַזן, אַז פּערעווערזעוו טראָגט אונטער סטרוּוויזם אַפֿן אָרט פֿון מאַרקסיזם אין דער ליטעראַטור.

## פּלעכאַנאָוו און פּערעווערזעוו וועגן קריטיק.

ווי ס'איז באַוווּסט, איז פּלעכאַנאָוו געווען דער גרונטלייגער פֿון דער מאַרקסיסטישער קונסט-קריטיק. פּערעווערזעוו האַלט זיך פֿאַר אַן אָנהענגער פֿון פּלעכאַנאָוון. אָבער, ווי מיר וועלן באַלד זען, האָט פּלעכאַנאָוו גאָר עפּעס אַנדערש געזאָגט וועגן קריטיק, ווי פּערעווערזעוו. דער פּראָפֿ. פּערעווערזעוו האַלט, אַז דער קריטיקער מוז אָפּהיטן די אַבסאָלוטע אָביעקטיווקייט באַם אַנאַליזירן אַ וואָסער ניט איז קינסטלעריש ווערק: קיין שום טענדענציעזקייט, קיין שום פּובליציסטיק. „ניט פֿאַרגאַפֿט ווערן,—שרײַבט פּערעווערזעוו—ניט כּירעשן זיך, ניט אויפֿגעבראַכט ווערן, ניט פֿריידיקן דאַרף דער קריטיקער, נאָר דערקלערן" („וועסטניק קאָמאַקאַדעמיי", 1929 נומ. 31, ז. 37). דער קריטיקער, וואָס ווענדעט אָן אַן אַנדער מעטאָד, ניט קיין אָביעקטיוון, דער איז ניט וויסנשאַפֿטלעך אין קריטיק. „דער פּובליציסטישער מעטאָד,—זאָגט פּערעווערזעוו—איז אויך אַן אָפּשאַצנדיקער און עסטעטישער, ס'איז פֿאַרשיידן נאָר דער קריטעריִ פֿון אָפּשאַצונג".

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז פּערעווערזעוו איז אינגאַנצן קעגן אַ פּובליציסטישער קריטיק, אַף וויפֿל זי איז קלוימערשט ניט וויסנשאַפֿטלעך. נאָר דאָ טרעט קעגן פּערעווערזעוון אַרויס פּלעכאַנאָוו, דערזעלבער פּלעכאַנאָוו, אַף וועלכן פּערעווערזעוו שטיצט זיך אין אַלע זײַנע אַרבעטן.

אינעם אַרטיקל „וועגן דעם גורל פֿון דער רוסישער קריטיק", וואָס איז געווען געווענדעט קעגן דעם רוסישן קריטיקער וואָלענסקי, טרעט פּלעכאַנאָוו אַרויס קעגן דער „פֿילאָזאָפֿישער קריטיק", קעגנשטעלנדיק איר די וויסנשאַפֿטלעכע מאַרקסיסטישע קריטיק. פּלעכאַנאָוו שרײַבט דאָרטן: מיר זײַנען איבערצײַגט, אַז באַ דעם איצטיקן צושטאַנד פֿון דער וויסנשאַפֿט קענען מיר זיך דערלויבן אַ לוקסוס צו פֿאַרבײַטן די אַלטע פֿילאָזאָפֿישע קריטיק און עסטעטיק ביכלאַל מיט אַ וויסנשאַפֿטלעכער עסטעטיק און קריטיק. די וויסנשאַפֿטלעכע עסטעטיק שרײַבט דער קונסט גאָרניט צו; זי זאָגט איר ניט: דו מוזט זיך האַלטן

באַ אַזעלכע און אַזעלכע קלאַלים און מיטלען,—זי באַגרענעצט זיך נאָר מיט באַאָבאַכטן, ווי אַזוי ס'אַנטשטייען פֿאַרשיידענע קלאַלים און מיטלען, וואָס הערשן אין פֿאַרשיידענע היסטאָרישע עפּאָכעס. זי דערקלערט ניט קיין אייביקע געזעצן פֿון קונסט; זי באַמיט זיך נאָר אויסצולערנען די אייביקע געזעצן, וואָס באַדינגען איר היסטאָרישע אַנטוויקלונג. זי זאָגט ניט: „די פֿראַנצויזישע קלאַסישע דראַמע איז שיין און די ראָמאַנטישע דראַמע טויג ניט". באַ איר איז אַלץ שיין אין זיין צייט. באַ איר זיינען ניטאָ קיינע סימפּאַטיעס גראַדע צו די און ניט צו קיינע אַנדערע שולן אין קונסט, און אַז ס'אַנטפּלעקן זיך באַ איר אַזוינע סימפּאַטיעס, פֿאַרענטפֿערט זי זיי, יעדנפֿאַלס, ניט מיט פֿאַרלאָזן זיך אַף אייביקע געזעצן פֿון קונסט. מיט איין וואָרט, זי איז אָביעקטיוו, ווי די פֿיזיק, און דערפֿאַר אַליין איז איר פֿרעמד יעדע מעטאַפֿיזיק" (ג. וו. פּלעכאַנאָוו. „דער גוירל פֿון דער רוסישער קריטיק").

אַרויסגייענדיק, ווייזט אויס, פֿון דערדאָזיקער פּלעכאַנאָווס באַהויפּטונג, האָט פּראָפּ. פּערעווערזעוו אויסגעבויט זיין „אָביעקטיוויסטישע" טעאָריע. נאָר ער נעמט ניט אין אַכט די ווייטערדיקע פֿאָרזעצונג פֿונעם זעלבן אַרטיקל פּלעכאַנאָווס. פּלעכאַנאָוו האָט ווי פֿאָרויסגעזען אַ פֿאַלשע אינטערפּרעטאַציע און פֿאַלשע אויספֿירן פֿון דער פֿריערגעבראַכטער ציטאַטע, דעריבער זעצט ער פֿאָר: „און אָט דיזעלבע קריטיק, די אָביעקטיווע, זאָגן מיר, ווייזט זיך אַרויס פֿאַר אַ פּובליציסטישער אַף אַזויפֿיל, אַף וויפֿל זי איז אינדערעמעסן אַ וויסנשאַפֿטלעכע".

זעען מיר, הייסט עס, אַז פּלעכאַנאָוו זאָגט אונדז פּונקט פֿאַרקערט פֿון דעם, וואָס ס'זאָגט אונדז פּערעווערזעוו. פּערעווערזעוו לערנט אונדז, אַז די פּובליציסטישע קריטיק איז ניט קיין וויסנשאַפֿטלעכע, און פּלעכאַנאָוו, פֿאַרקערט, זאָגט אונדז, אַז די קריטיק „ווייזט זיך אַרויס פֿאַר אַ פּובליציסטישער אַף אַזויפֿיל, אַף וויפֿל זי איז אינדערעמעסן אַ וויסנשאַפֿטלעכע".

נאָר עפּשער איז דערדאָזיקער געדאַנק (אַז די וויסנשאַפֿטלעכע קריטיק איז אַ פּובליציסטישע) אַ צופֿעליקער באַ פּלעכאַנאָוון?

קעדיי צו דערווייזן, אַז דאָס איז ניט אַזוי, וועל איך ברענגען אַ גאַנצע ריי ערטער—אויסצוגן פֿון פּלעכאַנאָווס אַרבעטן—וועגן קריטיק.

פּלעכאַנאָוו שרייבט: „די עמעסע פֿילאָזאָפֿישע קריטיק איז אַ פּובליציסטישע" (דאָרטן. ז. 191) „זאָגן דער קריטיק: דו דאַרפֿסט זיך ניט אַריינלאָזן אין פּובליציסטיק, איז אַזוי נוצלאָז, ווי פּלאַפּלען וועגן אייביקע געזעצן פֿון קונסט" (ז. 193). „ס'זיינען פֿאַראַן עפּאָכעס, ווען ניט נאָר די קריטיק, נאָר די קינסטלערישע שאַפֿונג אַליין איז פֿאַרפֿולט מיט פּובליציסטישן גייסט" (ז. 193). „אין אַלע איבערגאַנג-עפּאָכעס ווערט זי (די קריטיק. ה. ר.) דורכגעזאַפּט מיטן גייסט פֿון „פּובליציסטיק און טיילווייז ווערט זי דירעקט אַ פּובליציסטישע" (ז. 193).

פּלעכאַנאָוו האָט גוט געוווּסט, אַז אין אַלע איבערגאַנג-עפּאָכעס איז די קריטיק אַ פּובליציסטישע.

און דער פּראָפֿעסער פּערעווערזעוו קומט צוגיין מיט זיין שול [און אין אונדזער איבערגאַנג-עפּאָכע פֿון פֿאַרשאַרפֿטן קלאַסן-געראַנגל אַף אַלע געביטן פֿון אונדזער זיין, וויל ער אונדז לערנען, אַז דער קריטיקער דאַרף זיין אָביעקטיוו, אויסער קלאַסן, ניט פּובליציסטיש. און טאָמער ניט—שרעקט אונדז פּערעווערזעוו—טאָמער איז דער קריטיקער ניט קאַלט-אָביעקטיוו, איז ער ניט וויסנשאַפֿטלעך. און גראַדע פּלעכאַנאָוו, אָט דער בעעמעס וויסנשאַפֿטלעכער, מאַרקסיסטישער קריטיקער שרייבט גאָר עפּעס פֿאַרקערטס:

„ביז איצט האָבן מיר געמיינט, אַז מענטשן, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט וויסנשאַפֿטלעכער קריטיק, דאַרפֿן און קענען בלייבן אין זייערע שרייבונגען קאַלטע, ווי מראַמאָר, גלייכגילטיקע, ווי די דיאַקן, וואָס זיינען גרוי געוואָרן באַ דער טפֿילע. נאָר אַזאַ מיינונג איז אין טאָך אַן איבעריקע. אויב די וויסנשאַפֿטלעכע קריטיק קוקט אַף דער געשיכטע פֿון

קונסט, ווי אַף אַ רעזולטאַט פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג, איז זי אַליין דאָך אויך אַ פּראָדוקט פֿון דערזעלבער אַנטוויקלונג. אויב די געשיכטע און דער איצטיקער צושטאַנד פֿונעם געגעבענעם געזעלשאַפֿטלעכן קלאַס האָט אומבאַדינגט געשאַפֿן אַזוינע און ניט קיינע אַנדערע עסטעטישע געשמאַקן און קינסטלערישע האַסאָגעס, קענען דאָך באַ די וויסנשאַפֿטלעכע קריטיקער זיך אויך יאַווען באַשטימטע געשמאַקן און נעטיעס, דערפֿאַר ווייל זיי פֿאַלן דאָך ניט אַראָפּ פֿונעם הימל, דיראָזיקע קריטיקער, און ווערן דאָך אויך געבוירן דורך דער געשיכטע" (ז. 196).

וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט דאָס מיט פּערעווערזעווס „אָביעקטיוויסטישע" באַהויפּטונגען? קיין שײַכעס ניט. פּערעווערזעוו איז ווײַט פֿון פּלעכאַנאָוון, ווי דער הימל פֿון דער ערד. פּערעווערזעוו פֿאַלסיפֿיצירט פּלעכאַנאָוון, ער פֿאַלסיפֿיצירט דעם מאַרקסיזם.

## וועגן דעם לאָגישן און אונטערבאַוווסטזיניקן דערקענען פֿון דער וועלט באַ די שרײַבער.

די פֿאַלשע אַנטימאַרקסיסטישע טעאָריע פֿון קונסט-קריטיק דרינגט באַ פּערעווערזעוון אַרויס פֿון זײַן ניט ווייניקער פֿאַלשער, אַנטימאַרקסיסטישער טעאָריע פֿון פֿאַנאַנדערגרענעצן די אידעאָלאָגיע פֿונעם שרײַבער און די אידייען פֿון זײַן קינסטלערישן שאַפֿן. די אידעאָלאָגיע פֿון אַ שרײַבער איז לויט פּערעווערזעוון איין זאַך, און די אידייען, וואָס ווערן אַרײַנגעלייגט אין דעם אָדער יענעם ווערק, איז גאָר עפּעס אַנדערש. דער קינסטלער גיט אין זײַנע ווערק ניט די אידייען פֿון דעם קלאַס, וועלכן ער שטעלט מיט זיך פֿאָר, נאָר די אידייען, וואָס זײַנען אָביעקטיוו אויסגעוואַקסן—אַף דער באַזע פֿון די געגעבענע פּראָדוציר-באַציונגען, אַזוי אַרום, אַז וועלן באַשטימען די קלאַסן-אידעאָלאָגיע פֿון שרײַבער לויט זײַנע ווערק איז קלאָל אַ נאַרישקײַט. „ווער ס'פּרוּווט זיך אויסצובויען אַ פֿילאָסאָפֿיע, וואָס איז קלוימערשט אײַנגעשלאָסן אין ווערק. דער פֿאַרנעמט זיך מיט אַן איבעריקער אַרבעט".

אַנאַליזירנדיק דאָסטאָיעווסקעס, שאַפֿונג שרײַבט פּערעווערזעוו: „איך קלײַב זיך ניט צו זוכן אין דאָסטאָיעווסקעס ווערק זײַן וועלט-באַנעם, זײַנע פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע אַנשויונגען דערפֿאַר, ווײַל פֿאָדערן דאָס אַלץ באַ אַ קינסטלער איז גלײַך, ווי באַ בייגלבעקער פֿאָדערן שטיוול".

לויט פּערעווערזעוון איז דער קינסטלער אַף אַ פֿאַטאַלן אויפֿן פֿאַרמישפּעט צו דינען דעם אָדער יענעם קלאַס, אומאָפּהענגיק פֿונעם שרײַבערס באַוווסטזײַן, ווײַל זוכן אין די קינסטלערישע ווערק דעם שרײַבערס וועלט-אַנשויונג איז דאָך אַן אומזין; ווײַל די סאָציאַל-קינסטלערישע אָנשויונגען פֿונעם שרײַבער האָבן דאָך גאָרניט צו טאָן מיט זײַן סאָציאַל-פּאָליטישן באַוווסטזײַן. דער לאָגישער וועלט-באַנעם פֿונעם שרײַבער קען ניט ווירקן אַף זײַן אונטערבאַוווסטזיניקער וועלט-דערקענטעניש, אַף זײַן קינסטלערישן שאַפֿן.

אויב מיר זאָלן אָננעמען אַזאַ מין פֿאַטאַליסטישע טעאָריע, קען, פֿאַרשטייט זיך, דערמלט קײַן רייד ניט זײַן וועגן אונדזער ווירקונג אַף די שרײַבער. און פּערעווערזעוו איז טאַקע קעגן אַזעלכע טעאָריעס, ווי סאָציאַלע באַשטעלונג, ווײַל וואָס קענען מיר באַשטעלן באַם שרײַבער, אויב ער אַליין ווייס ניט, וואָס ער וועט אָנשרײַבן און פֿאַר וועמען. „דער קינסטלער—שרײַבט פּערעווערזעוו—קען זײַן אינגאַנצן לעבן זיך ניט אָנשטויסן, אַז מיט זײַן שאַפֿונג דינט ער די זאַך פֿון אַ באַשטימטער פּאַרטיי; און פֿאַרקערט, ער קען אַף זיך מיינען, אַז ער איז אַ קינסטלער פֿון אַ באַשטימטער פּאַרטיי, זײַענדיק פֿאַר איר אינגאַנצן נוצלאָז און אַמאָל אַפֿילע שעדלעך.

צי שטימט דאָס מיט די אויפֿגאַבן, וואָס מיר שטעלן פֿאַר אונדזער ליטעראַטור? צי איז מעגלעך אַ וואָסער ניט איז אָנפֿירונג מיט דער ליטעראַטור—מיט אַ באַוווסטזיניקער צופּאַסונג צו אונדזערע אָרדנטלעכע אויפֿגאַבעס? דאָס איז אַן אַנטיקאָמוניסטישע, ניט קײַן

מאַרקסיסטישע טעאָריע פֿון ליטעראַטור. פּלעכאַנאָוו האָט אין אַלע זײַנע אַרבעטן איבער פֿאַרשיידענע שרײַבער דערוויזן, אַז די אידעאָלאָגיע פֿונעם שרײַבער דאַרף מען זוכן אין זײַנע קינסטלערישע ווערק; אַז די קונסט אַרגומענטירט דורך בילדער, ווי די וויסנשאַפֿט דורך לאָגיק. פּלעכאַנאָוו ווײַזט בעפֿיירעש אָן, אַז די פֿאָלקיסטישע שרײַבער (גל. אוספּענסקי, קאַראָנין א. א.) האָבן זייערע אידייען געגעבן אין זייערע קינסטלערישע ווערק; אַז דידאָזיקע פֿאָלקיסטן האָבן באַוווסטזיניק געפּריידיקט פֿאָלקיזם דורך זייער קינסטלערישן שאַפֿן.

ס'איז קיין צווייפֿל ניט, אַז פּערעווערזעווס טעאָריע וועגן פֿאַנאַנדערגרענעצן דעם באַוווסטזיניקן און דעם קינסטלערישן וועלט-באַנעם פֿונעם שרײַבער איז אַ פֿאַלשע, פֿאַר אונדז ניט קיין אָנעמבאַרע, אַ שעדלעכע.

## אָביעקטיוויזם און מאַרקסיזם.

דער גרונטלעכער פֿעלער, פֿון וועלכן ס'לײַדט פּערעווערזעווס ליטעראַטור-טעאָריע, איז דער „אָביעקטיוויסטישער“ צוגאַנג, וועלכן פּערעווערזעוו ווענדט אָן אין זײַן ליטעראַרישער אַרבעט. ס'איז קיין ספֿק ניט, אַז זײַנע ליטעראַרישע אָנשויונגען שטאַמען פֿון זײַן סאָציאַל-פּאָליטישער קאָנצעפּציע אַף אונדזער רעוואָלוציע און אַפֿן רוסישן היסטאָרישן פּראָצעס בכלל. ניט אַרײַנלאָזנדיק זיך אין דערדאָזיקער פֿראַגע, וויל איך דאָ נאָר דערווײַזן, אַז דער „אָביעקטיוויזם“ איז אַ טעאָריע, קעגן וועלכער ס'האָבן געקעמפֿט סײַ מאַרקס, סײַ לענין.

אָט, לעמאָשל, וואָס ס'האָט געשריבן מאַרקס אין זײַנע טעזיסן וועגן פֿײַערבאַכן: „די מאַטעריאַליסטישע לערע וועגן דעם, אַז די מענטשן שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ פּראָדוקט פֿון באַשטימטע אומשטענדן און דערציִונג, און אַז מענטשן, וואָס האָבן זיך געענדערט, זײַנען, הייסט עס, אַ פּראָדוקט פֿון אומשטענדן, וואָס האָבן זיך געענדערט און פֿון אַן אַנדער דערציִונג—פֿאַרגעסט, אַז די אומשטענדן ווערן געענדערט דורך די מענטשן און אַז דער דערציִער דאַרף אַליין דערצויגן ווערן“.

אין די נײַנציקער יאָרן האָט לענין געפּאָלעמיזירט מיט פּ. סטרוּווע. ער האָט אים אָנגעוויזן דעם אונטערשייד פֿון אַן „אָביעקטיוויסט“ ביז אַ דיאַלעקטישן מאַטעריאַליסט. לענין האָט געשריבן, אַז דעם „אָביעקטיוויסט“ דראָט שטענדיק אַ געפֿאַר צו ווערן אַן אַפּאָלאָגעטיקער פֿון דעם פּראָצעס. און ווירקלעך, סטרוּווע איז טאַקע געוואָרן דער אַפּאָלאָגעטיקער פֿונעם רוסלענדישן קאַפּיטאַליזם.

דעם פּראָפֿ. פּערעווערזעווס „אָביעקטיוויסטישע“ טעאָריע האָט קיין שײַכעס ניט צום רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, צום לעניניזם, און דאַרף אַנטשיידן באַקעמפֿט ווערן.

## פּערעווערזעווטשינע אין דער יידישער קריטיק.

אויב מיר זאָלן נעמען די יידישע מאַרקסיסטישע קריטיק, וועלן מיר זיך אויך דאָ באַגעגענען מיט דערזעלבער „אָביעקטיוויסטישער“ טעאָריע. ווײַל וואָס, אינדערעמעסן איז די טעאָריע פֿונעם כ' נוסינאָוו וועגן „די סאָציאַלע טרײַב-קרעפֿטן פֿון דער יידישער ליטעראַטור“, אויב ניט קיין „אָביעקטיוויזם“? דער כ' נוסינאָוו האָט דאָך געשריבן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז געווען—און אַף אַ לענגערן פּעריאָד וועט זי נאָך אַזוי פֿאַרבלײַבן—אַ ליטעראַטור פֿאַר און וועגן קליינבירגערטום. און וואָס איז דעם כ' נוסינאָווס פּרוּוו צו באַרעכטיקן דעם שאָוויניזם אין קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג“, אויב ניט קיין אָנווענדונג פֿונעם פּערעווערזעוו-מעטאָד אין אַ קאָנקרעטער קריטישער אָפּהאַנדלונג פֿון אַ ליטעראַריש ווערק?

דעם כ׳ נוסינאָווס טעאָריע איז דורך דער יידישער מאַרקסיסטישער קריטיק צו דער צייט דעמאַסקירט געוואָרן; אָבער מיר האָבן עפּעס ניט געהערט, אַז דער כ׳ נוסינאָוו זאָל זיך פון זיין טעאָריע אָפּזאָגן. איצט, ווען אַזעלכע טעאָריעס לעבן אויף, דאַרף מען זיי נאָך שאַרפער דעמאַסקירן.

אין די טעזיסן וועגן פייערבאַכן האָט מאַרקס געשריבן: „די פילאָסאָפן האָבן ביז איצט נאָר דערקלערט די וועלט אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס מע דאַרף זי אומענדערן". מיר דאַרפן ענדערן אַ וועלט, קענען מיר דעריבער ניט אָננעמען אַזעלכע „אָביעקטיווע" טעאָריעס, וואָס פאַרמישפּעט אונדז אַף פּאַסיווער וואַרטעניש.

א. וועוויאָרקע.

# אונדזער ייִכעס.

(וועגן די ערשטע אַרבעטער-פּאָעטן אין ייִדיש).

אין „עמעס" (1927) און נאָכדעם אין „פּראָליט" האָב איך אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אונדזער באַציִונג צו די ערשטע אַרבעטער-דיכטער אין ייִדיש,—באָוושאָווער, ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט און טײַלוויַיז מאָריס ראָזנפעלד. (זע „פּראָליט", העפט 2, 1928 י. אַרטיקל „רעוויזיע").

אין די דאָזיקע אַרטיקלען האָב איך אָנגעוויזן, אַז אַפילע בײַ אונדז, אינעם ראַטנפאַר-פאַרבאַנד, געפינען מיר זיך אונטערן היפּנאָז פון דער קלײנבירגערלעכער ייִדישער „עסטעטיק". זי, די דאָזיקע עסטעטישע קריטיק, בימכילע, האָט געלייגט די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע דיכטער הינטערן ליטעראַרישן פּלויט דערפאַר, וואָס זי האָט אין זיי דערפילט די פאַרטרעטער פון אַ נײַעם פײַנטלעכן קלאַס, פונעם ייִדישן אַרבעטער-קלאַס, וועלכער איז געקומען צום וואָרט. דער קלײנבירגערלעכער ייִדישער ליטעראַטור-הויף האָט דערפאַר אָפּגעפּאַסקנט: זיי זײַנען ניט קיין עמעסע דיכטער.

דער ייִדישער אַרבעטער-קלאַס האָט אָבער גאַנץ אַנדערש אָפּגעשאַצט די דאָזיקע דיכטער, ער איז מיט זײערע לידער געגאַנגען אַף די באַריקאַדן אין 1905-טן יאָר; זיי זײַנען די אינטימסטע פרײַנט און לערער געווען פונעם ייִדישן אַרבעטער, די באַזינגער זײַנע און באַגײַסטערער.

דער עמעס איז, אַז ניט נאָר זיי זײַנען געווען אַרבעטער-דיכטער, נאָר זיי זײַנען איבער-הויפּט געווען די בעסטע ייִדישע דיכטער פון זײער צײַט. אינהאַלטלעך זײַנען זיי געקומען ניט מיט דער אַלטער קלויז-לעגענדע, נאָר מיט דער נײַער לעגענדע פון דער צוקונפט. פאָרמעל זײַנען זיי געשטאַנען אַף דער הייך פון דער אייראָפּעישער פּאָעזיע אין זײער צײַט.

זיי האָבן אויסגעדריקט דעם רעוואָליוציאָנערן ברויז פון דעם ייִדישן אַרבעטער-קלאַס, וועלכער האָט זיך געשאַפן אין די „סוועטינג-שאָפּס" פון ניו-יאָרק.

זיי זײַנען געקומען מיט אַ נײַער טעמאַטיק, מיט נײַע באַגריפן, מיט נײַע ווערטער און נײַע ריטמען.

פון זיי ציט זיך דער ייִכעס פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ייִדיש. זיי זײַנען דערפאַר אונדזערע קלאַסיקער-אָוועס.

מיר דאַרפן אַראָפּנעמען דעם קלײנבירגערלעכן כײרעם פון די דאָזיקע אַרבעטער-פּאָעטן, באַפרײַען זיך פונעם ניגערשן גוט-ייִדישלעך-„עסטעטישן" היפּנאָז.

דאָס איז געווען מער-ווייניקער דער אינהאַלט פון מײַנע „רעוויזיע"-אַרטיקלען. אינעם אַרטיקל אין „פּראָליט" האָב איך נאָך צוגעגעבן אייניקע טעזיסן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אַף צו באַלויכטן דעם געשיכטלעכן גאַנג, ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעבילדעט אין ניו-יאָרק אַ ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין די באַדינגונגען פון גרויס-קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועלכע ס'האָט פאַרמעגלעכט עס זאָל געשאַפן ווערן די דאָזיקע דיכטער-גרופּע. די דאָזיקע טעזיסן האַלט איך פאַר איבעריק דאָ איבערצוכאַזערן.

1

אַ צאָרן האָט מאַמעש באַ אייניקע כאַווייריִם אַרויסגערופֿן מײַן „פּרעכהײַט“ אָנצורופֿן באָוושאָווערן, וויִנטשעווסקין, עדעלשטאַטן און ראָזנפֿעלדן מיִט אַזאַ הויך-באַטיִטלט וואָרט, וויִ קלאַסיִקער“.

. — „נײַ-געבאַקענע קלאַסיִקער“!

כ׳ זשוקאָווסקיִ גייט צו צום איִניִען סײַ מיִט מוט און סײַ מיט וויִסנשאַפֿט, (ז. „פּראָליִט“ 1928 נומער 7 „מוט אָן וויִסנשאַפֿט“)׳ און דערקלערט מיִט שפּאַציִרטע אויסיעס, אַז ס׳איִז פֿאַלש, „צו פֿאַרשטיין קלאַסיִק בלויז וויִ אַן איִדעאָלאָגיִשע קאַטעגאָריִע, ניין און וויִדער אַמאָל ניין: קלאַסיִק האָט דערפֿאַר אַ ווערט פֿאַר דער גאַנצער ליִטעראַטור, *וואָס איִרע מוסטערהאַפֿטיִקע, אָריענטיִרנדיִקע שאַפֿונג-מיִטלען זײַנען דויערהאַפֿטער פֿאַר איִר איִדעאָלאָגיִשן פֿאַרנעם*“.

און איִן קלאַמערן גיִט כ׳ זשוקאָווסקיִ אַ ווילעריִשן ווונק מיִט אַן אויג: („אַהאַ, אַן „אויסערקלאַסן-צוגאַנג כ׳ וועוויאָרקע!“).

וועלן מיִר דערווײַל לאָזן אָן אַ זײַט די פֿראַגע, וואָס פֿאַר אַ צוגאַנג דאָס איִז, און מיִר וועלן אויסדריִקן אונדזער באַוווּנדערונג פֿאַר כ׳ זשוקאָווסקיִס אַלוויִסנדיִקײַט. וויִ קלאָר און איינפֿאַך ער האָט דאָס פֿאָרמולירט דעם באַטײַט פֿונעם וואָרט „קלאַסיקער“. אָן זײַן שאָדן אַף אַלע ענציקלאָפּעדיִעם געזאָגט געוואָרן!

די ענציקלאָפּעדיעס, גראָד, ווייסן ניִט אַזוי קלאָר צו באַשטיִמען דעם באַטײַט פֿון דעמדאָזיִקן וואָרט. נאָך מער, קיִמאַט יעדע ליִטעראַטור האָט זיך איִר אייגענעם פּיירעש און לייגט אַרײַן איִר אייגענעם ניואַנס איִן דעם וואָרט. עפּשער וועט איִר זיִך מאַטריִען זײַן, כ׳ זשוקאָווסקיִ, און כאַפּן אַ קוק איִן דער „ענציִקלאָפּעדיִאַ בריִטאַניִקאַ“ און איִן אַנדערע גרויסע ענציִקלאָפּעדיִעס.

פֿאַר אונדזער איִניִען וואָלט אַפֿילע ניִט געשאַדט צו פֿאַרגעסן, אַז גאָר-גאָר אַמאָל האָט דאָס וואָרט „קלאַסיקער“ באַטײַט דער שרײַבער פֿונעם ק ל אַ ס. איִן לאַטיין (פֿונוואַנען דאָס וואָרט שטאַמט) האָט scriptor classikus (אַ קלאַסיִשער שרײַבער) געהייסן דער שרײַבער, וואָס געהערט צום ערשטן, צום רײַכן קלאַס. מיט דעם איִז באַצייכנט געוואָרן זײַן הויכע קוואַליִטעט.

פֿון דעמלט אָן האָט דאָס וואָרט דורכגעמאַכט פֿיִל גיִלגוליִם, אָבער ביִז צו דער עפּאָכע פֿון דער פּראָלעטאַריִשער ליִטעראַטור האָט דאָסדאָזיִקע וואָרט—ניִט רעכענענדיִק זיִך מיִט אַלע פֿאַרשיידענע ניואַנסן—איִן גרונט אײַנגעהאַלטן דעם באַטײַט פֿון זײַן שוירעש; פֿאַרן בעסטן שרײַבער, פֿאַרן מוסטערהאַפֿטן, איִז גערעכנט געוואָרן דער שרײַבער, וואָס האָט אויסגעדריִקט די איִדייען און דעם געשמאַק פֿונעם ערשטן, רײַכן קלאַס (און דעם כ׳ זשוקאָווסקיִ פֿאַלט גאָרניִט אײַן, אַז ער וויִל דעמדאָזיִקן באַגריִף לאָזן לעבן אַביִסל לענגער, ווי ס׳איִז נויטיק).

צי דאַרף מען דעם כ׳ זשוקאָווסקיִ דערמאָנען, אַז דער טערמיִן „קלאַסיִקער“, איִן וועמעס נאָמען ס׳איִז באַשאַפֿן געוואָרן די טעאָריִע פֿון קלאַסיִציִזם, איִז פֿאַרפֿולקומט געוואָרן איִן פֿראַנקרײַך, איִן דער צווייטער העלפֿט פֿונעם זיִבעצנטן י. ה. איִן בואַלאָס „פּאָעטיִשע קונסט“, די טעאָריע, וועלכע איִז אָנגענומען געוואָרן אָפֿיִציִעל דורך דער פֿראַנצויזיִשער אַקאַדעמיִע (נאָך איידער זי האָט באַקומען איִר פֿאַרפֿולקומונג באַ בואַלאָן), היִנטערן אײַנפֿלוס פֿונעם הויף. דער קלאַסיִשער פּריִנציִפּ איִז געווען הערשנדיִק ביִז דער נײַער אויפֿקומענדיִקער הערשער-קלאַס האָט איִם פֿאַרניִכטעט, שטעלנדיִק אַנטקעגן די געזעצן פֿון דער „קלאַסיִק“ דאָס וואָרט פֿון דער בורזשואַזער וויִרקלעכקײַט, דעם רעאַליזם, דעם ראָמאַנטיִזם. און פֿון דעמלט אָן הויבן זיִך אָן איִן דער פֿראַנצויזיִשער ליִטעראַטור נײַע קלאַסיִקער און די קלאַסיִקער פֿון XVII-טן. י. ה. הערן אויף צו זײַן די, וואָס זייערע „מוסטערהאַפֿטיִקע, אָרי-

ענטשירנדיִקע שאַפֿונג-מיטלען זײַנע דויערהאַפֿטער פֿאַר זייער אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם". אַפּאָניִם, די פֿראַנצויזישע בורזשואַזע עסטעטן האָבן זיך לאכלוטן ניט געוואָלט רעכענען מיט כ׳ זשוקאָווסקיס אַרטיקל.

און בעהאַנדלט האָט זיך דאָרט גראָד וועגן „שאַפֿונג-ביטלען", וועגן פֿאָרמען און מעטאָדן, וועגן דער באַרימטער „דרײַ-אייניקײַט" אין דער דראַמע,—צײַט, אָרט, און האַנדלונג, וועגן פֿינקטלעכע פֿאָרמען פֿון דער קאָמעדיע, וועגן דער געהויבענער שפּראַך פֿון דער טראַגעדיע א. ד. ג. א. א. וו. און דאָך האָט דיזאָזיקע פֿאָרמעלע „קלאַסישקײַט" אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי דער קלאַס, וואָס האָט זי באַשאַפֿן, האָט זיך געהאַלטן בײַ דער מאַכט, און איז געפֿאַלן, ווי נאָר אַ נײַער קלאַס איז צו דער מאַכט געקומען.

(ווי איר זעט, איז בײַ זיי געווען ניט קיין אויסערקלאַסן-צוגאַנג כ׳ זשוקאָווסקי!).

מיילע, אויסערקלאַסן-צוגאַנג ווי אויסערקלאַסן-צוגאַנג, נאָר אַז אַזאַ מין דעפֿיניציע, ווי כ׳ זשוקאָווסקי גיט דער „קלאַסישקײַט", שמעקט מיט „אייביקייט פֿון פֿאָרמען"—איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג!

מיר האָבן דערמאָנט „קלאַסישקײַט", וואָס איז געוואָרן אויס קלאַסישקײַט מיטן אומבײַט פֿונעם הערשנדיקן קלאַס. מיר ווייסן אויך אין דער וועלט-ליטעראַטור געווינים, וואָס דער הערשנדיקער קלאַס וויל זיי ניט אנערקענען פֿאַר „קלאַסיקער", כאָטש זייערע „מוסטערהאַפֿטיקע אָריִענטירנדיקע שאַפֿונג-מיטלען זײַנען זייער דויערהאַפֿט". אַ בוילעטער בײַשפּיל איז הײַנריך היינע, וועמעס ווירקונג אַף דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור איז אַ קאָלאָסאַלע. ער האָט אין געוויסע פּראָטים געהאַט אַ גרעסערע ווירקונג אַף דער ליריק פֿון זײַן דאָר און אַפֿן דאָר נאָך אים, ווי די אנערקענטע דײַטשישע קלאַסיקער, און דאָך וויל אים די בורזשואַזע דײַטשישע ליטעראַטור-קריטיק ניט אנערקענען פֿאַר קיין „קלאַסיקער". צוליב זײַן סאָציאַליסטישער ליריק, ווי מעריִנג באַטיטלט דאָס גרויסע אין היינען, און ערשט דעם קאָמוניזם איז באַשערט צו „באַשיצן דעם דיכטערס לאָרבער-וואַלד", לויט פֿראַנץ מעריִנגס אויסדרוק.

און וואָס הערט זיך וועגן דעם אומבאַשטרייטבאַרן קלאַסיקער, וועגן שעקספּירן? שוין-זשע איז ער טאַקע געווען אין אַלע צײַטן, און בײַ אַלע קלאַסן דער „קלאַסיקער"?

אַזוי וואָלט דאָס עפּשער געדאַרפֿט זײַן, נאָר לאָזט זיך אויס, אַז דאָ האָבן מיר אויך צו טאָן מיט אַן איניען ניט פֿון אויסערקלאַסישער קלאַסישקײַט, נאָר פֿון מאָמאַשעסדיקער רעאַלער קלאַסנדיקײַט. ניט אין אַלע צײַטן און ניט פֿאַר אַלע קלאַסן איז שעקספּיר געווען קלאַסיש.

קעדיי ניט מאַטריִען צו זײַן דעם כ׳ זשוקאָווסקי צו צו-ווײַטע קוואַלן, וועלן מיר אים אָפּשיקן צו פּלעכאַנאָוון, ווו ער רעדט וועגן גיזאָ און זײַן „עטיוד וועגן שעקספּירן". לייענט, כ׳ זשוקאָווסקי! (אין פּלעכאַנאָווס אַרטיקל וועגן וואָלינסקען):

„שוין דעמלט האָט זיך (אין ענגלאַנד אין יעליזאַבעטס צײַטן—א. וו.) אָנגעהויבן די קאָלאָסאַלע ענערגיע, וועלכע האָט נאָכדעם געפֿונען איר אויסדרוק אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דיזאָזיקע ענערגיע האָט זיך אָבער דערווײַל נאָר אַרויסגעוויזן אַף אַ פֿרידלעכן וועג. שעקספּיר האָט זי אויסגעדריקט אין זײַנע דראַמעס. זײַן פֿאָטערלאַנד האָט אָבער ניט שטענדיק געקאָנט אָפּשאַצן זײַנע געניִאַלע ווערק. אין דער צײַט פֿון דער רעסטאַווראַציע האָט די אַריסטאָקראַטיע, שטרעבנדיק אַריבערצוטראָגן אין איר אייגענעם פֿאָטערלאַנד די געשמאַקן און געוווינהײַטן פֿון דעם גלאַנצנדיקן פֿראַנצויזישן אַדל, פֿאַרגעסן שעקספּירן. דרײַדען געפֿינט, אַז זײַן שפּראַך איז פֿאַרעלטערט, און אין אָנהייב פֿונעם אַכצנטן יאָרהונדערט קלאָגט זיך ביטער דער לאָרד שעפֿטסבורי אַף זײַן באַרבאַרישן ריטם און אַף זײַן אַלטמאָדישן גײַסט. ענדלעך האָט פּאָפּע באַדויערט, וואָס שעקספּיר האָט געשאַפֿן פֿאַרן פֿאָלק, ניט באַמיִענדיק זיך געפֿעלן צו ווערן דעם צושויער פֿונעם „בעסערן

מיִן״. ערשט פֿון גאַריקס צײַטן אָן האָט מען ווידער גענומען שפּילן שעקספּירן אינגאַנצן (אָן אויסרייניקונגען און פֿאַרבעסערונגען) אַף דער ענגלישער בינע״.

דאָך מאַמעש אײַערע ווערטער, כ׳ זשוקאָווסקי! די שאַפֿונג-מיטלען זײַנען ניט מוס-טערהאַפֿטיקע, די ענגלישע אַריסטאָקראַטיע האָט ניט געוואָלט אנערקענען שעקספּירן פֿאַר קיין קלאַסיקער, אַפֿילע ניט פֿאַר קיין עמעסן קינסטלער, און דער מאָטיוו איז שוין, אַפּאַ-נים, צוגעגרייט אין אַלע צײַטן פֿאַר דער בורזשואַזיע און אַריסטאָקראַטיע, ווען זי פֿילט אין אַ קינסטלער עפּעס פֿרעמד-קלאַסנדיקס.

ער איז פּרימיטיוו, פֿאַרעלטערט, וווּלגאַר, באַרבאַרישער ריטם—מיט איין וואָרט, די „שאַפֿונג-מיטלען״ טויגן ניט!

ס׳איז פֿונדעסטוועגן געקומען א צײַט, ווען שעקספּיר איז אמניסטירט געוואָרן, ניט געקוקט אף זײַנע באַרבאַרישע שאַפֿונג-מיטלען. עפּשער וועלן אונדזערע אַרבעטער-דיכטער אויך האָבן אַזאַ מאַזל?

אַז מיר האָבן גערעדט וועגן דער גרופּע אַרבעטער-דיכטער, ווי וועגן קלאַסיקער, האָבן מיר אונטערגעשטראָכן, אַז מיר ריידן דאָס אין זין פֿון אָ וו ע ס, די אָ נ ה ו י ב ע ר פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין יידיש. מיר האָבן עס געטאָן דערפֿאַר, וואָס דער באַגריף „קלאַסיקער״ איז הײַנט צו טאָג ניט קיין וויסנשאַפֿטלעך פֿעסטגעשטעלטער. אונדז האָט זיך אויסגעדוכט, אַז שרײַבער, וועלכע הויבן אָן אַן עפּאָכע אין אַ ליטעראַטור, אַ נײַע עפּאָכע, איז דאָס אַליין שוין אַ זאַך, וואָס גיט זיי דאָס רעכט אַף אַזאַ ערנטיטול. סאָפֿ-קאָלסאָף ליגט אין אַן אָנהויב פֿון עפּעס נײַעס, ניט געוועזענעם מער קראַפֿט און מער גרויסקײַט, ווי קונציקע שורעס. וועלכע האָבן אָבער שוין פֿאַר זיך געהאַט אַ יעסענין און הונדערטער אַנדערע מוסטערן. פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור אין יענער צײַט קומען מיט רעוואָליוציע, מיט אַרבעטער-קלאַס, מיט פּאַריזשער קאָמונע איז עפּעס אַזעלכעס אויסער-געוויינלעכעס, אַזעלכעס געוואגטעס, אַז נאָר דער עמעסער, ע כ ט ע ר קינסטלער קאָן זיך דערהויבן צו אַזאַ „פֿרעמדער הויך״. אין דער ערשטער ליניע איז עס אַ סימען פֿון דיכ-טונג, וואָס ניט מעליצע איז איר טרײַב-קראַפֿט, נאָר עכטקײַט פֿון געפֿיל. אַזוינס, האָבן מיר געגלויבט, גיט דאָס רעכט אָנצורופֿן קלאַסיקער.

כ׳ זשוקאָווסקי קאָן אָבער אַף אַזאַ אַוולע ניט באַשטיין, ווײַל ער ווייסט יאָ, וואָס עס באַטײַט געניי דאָס וואָרט „קלאַסיקער״.

2

נו, גוט, וועלן מיר זיך אײַניקן אַף אַזאַ מין פֿאַרטײַטש פֿונעם וואָרט קלאַסיקער:

אַ קלאַסיקער הייסט דער, וואָס זײַנע שאַפֿונגען דאַרפֿן דינען פֿאַר אַ מוסטער פֿונעם ליטעראַרישן שאַפֿן.

שטעלט זיך אַ פֿראַגע, פֿאַרוואָס מיינט כ׳ זשוקאָווסקי, אַז דער עלעמענט פֿון אינהאַלט, פֿון אידעאָלאָגיע איז ווייניקער גלײַכבאַרעכטיקט אינעם קונסטווערק, ווי דער פֿאָרמעלער עלעמענט? פֿאַרוואָס רעכנט כ׳ זשוקאָווסקי, אַז אַ שרײַבער, וואָס זײַן אינהאַלט, זײַן „אי-דעאָלאָגישער פֿאַרנעם״ איז אָפּגעלעבט און טויט פֿאַר אונדז, באַהאַלט אַף אייביק זיין אומשטערבלעכן טיטול „קלאַסיקער״, אויב פֿ אָ ר מ ע ל איז עס נאָך ניט אָפּגעלעבט, און פֿאַרקערט איז מיט אַ שרײַבער, וואָס זײַן אידעאָלאָגישער פֿאַרנעם איז „מוסטערהאַפֿט און אָריענטירנדיק״, נאָר זײַן פֿאָרמעלע זײַט איז ניט גענוג שטאַרק, זי זאָל פֿאַרבלײַבן אין דער אייביקײַט,—אַזא שרײַבער האָט ניט די זכיע צו טראָגן דעם טיטול „קלאַסיקער״? פֿאַרוואָס? דאָ איז דאָך געשטעלט די פֿאָרם אַלס דעם איינציקן, וויניקסטנס אַלס דעם הויפּט-עלעמענט אין קונסט. דאָס איז דאָך פֿאָרמאַליזם אין זײַן ריינער פּראָבע!

און כ׳ זשוקאָווסקי האָט זיך, אַפּאָניִם, געפֿילט אַבּיסל געקרעמפּעוועט אין דער פֿראַגע און דערפֿאַר האָט ער געגעבן אַזאַ מעטושטעשדיקע בלעכענע מליצע אָפֿן אָרט פֿון אַ פֿאָרמולע:

„קלאַסיק האָט דערפֿאַר אַ ווערט פֿאַר דער גאַנצער ליטעראַטור, וואָס איִרע מוסטערהאַפֿטיקע, אָריִענטיִרנדיִקע שאַפֿונג-מיִטלען זײַנען דויערהאַפֿטער פֿאַר איִר איִדעאָלאָגיִשן פֿאַרנעם״.

דריי דעמדאָזיִקן פּאָסיִק אַהיִן און דריי איִם אַהער, מער ווי אַ פֿאָרמאַליִסטיִשן ליטעראַטור-באַנעם וועסטו פֿונדאַנען ניִט אַרויסבאַקומען!

אַזאַ שטאַנדפּונקט מוז זיִך אַראָפּגליִטשן צום סאַמע ערגסטן מיִן פֿאָרמאַליִזם אויך אין דער קונסט-אופֿאַסונג פֿון אונדזער הײַנטיקער, לעבעדיִקער ליִטעראַטור. סאָפֿקאָלסאָף, וואָס קאָן זיִך מער וויִנטשן אַ ליִטעראַטור, ווי דאָס, אַז איִרע ווערק זאָלן זײַן „קלאַסיִש״, זאָלן זיין דויערהאפֿט, זאָלן זײַן אייביק. אויב קלאַסיִש קענען זײַן נאָר אַזוינע ווערק, וואָס זייער פֿאָרמעלע זײַט איִז „דויערהאַפֿטיקער, ווי זייער איִדעאָלאָגישער פֿאַרנעם״, פֿאַרוואָס זאָל טאַקע דער שרײַבער זײַן גאַנצע ענערגיע ניִט אַרײַנלייגן איִן דעמדאָזיִקן עלעמענט, וואָס נאָר ער האָט אַ ווערט פֿאַר דער גאַנצער ליִטעראַטור, לויט כ׳ זשוקאָווסקיִס טעאָריע? כ׳ זשוקאָווסקיִ פּאַסקנט דאָך, אַז טאַקע ד ע ר פֿ אַ ר זײַנען דידאָזיִקע ווערק גרויס און קלאַסיִש, וואָס זייער „איִדעאָלאָגיִשער פֿאַרנעם״ איִז ניִט אַזוי שטאַנדהאַפֿטיִק, ווי זייערע מוסטערהאַפֿטע שאַפֿונג-מיטלען. דעם כ׳ זשוקאָווסקיִ לוינט דאָך אַפֿיִלע ניִט צו זאָגן, אַז די ווערק זײַנען גרויס און האָבן אַ ווערט פֿאַר דער גאַנצער ליִטעראַטור, נ יִ ט ג ע ק ו ק ט ד ע ר ו ף, וואָס זייער איִדעאָלאָגיִשער פֿאַרנעם איִז ניִט אַזוי דויערהאַפֿט, וויִ זייער פֿאָרמעלע זײַט, נאָר דאַפֿקע טאַקע ד ע ר פֿ אַ ר, וואָס זייער איִדעאָלאָגישער פֿאַרנעם איִז ניִט אַזוי דויערהאַפֿט, וויִ זייערע שאַפֿונג-מיִטלען. אויב אַזוי, פֿאַרוואָס זאָל ניִט יעדער שרײַבער מאַכן פֿאַר זיִך דעם געהעריִקן אויספֿיִר?

דיִדאָזיִקע „טעאָריע״ איִז אַ פֿאָרמאַליִסטיִשע און דערצו אַ לעפּיִשע און ניִט אופֿריִכטיקע, ווײַל זיִ באַהאַלט איִר קעפּל איִן דיִ פֿאַלבן פֿונעם ברייטן קונסט-מאַנטל פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט, דיִ באַריִמטע שטרויס-טאַקטיק. אָבער אַז מיִר נעמען אָן דיִדאָזיקע טעאָריע בײַ דיִ פֿיס און הויבן זיִ אָן אַרויסשלעפּן פֿון דעם „קלאַסיִשן״ פֿאַרגאַנגענהײַט-מאַנטל, בלײַבט פֿאַר אונדז שטיין אַ נאַקעטער פֿאָרמאַליִסטיִשער ליִטעראַטור-באַנעם.

מיִר וועלן שוין ניִט ריידן דערפֿון, וואָס בײַ זײַן פֿאָרמאַליִזם פֿאַשווײַגט כ׳ זשוקאָווסקיִ אַף אַ טאַנדעט אויפֿן דיִ פֿראַגע וועגן פֿאָרם און איִנהאַלט. וואָס הערט זיך עפּעס מיִקויעך דעם, אַז אַ „איִדעאָלאָגיִשער פֿאַרנעם״ אַף כ׳ זשוקאָווסקיִס שפּראַך, אָדער איִדעאָלאָגיִשער איִנהאַלט, אַף אונדזער לאָשן, איִז מעכאַיעוו געוויִסע „אָריענטירנדיקע שאַפֿונג-מיִטלען״? אָדער ציִ איִז טאַקע פֿאָרם אַזוי אומאָפּהענגיִק פֿון איִנהאַלט, אַז איינס קאָן אָפּשטאַרבן, דאָס צווייטע קאָן בלײַבן אייביִק? דאָס איִז דאָך אַ גוט-באַקאַנטע דואַליִסטיִשע אופֿאַסונג—

גוף און נעשאָמע,<br>
גײַסט און קערפּער,<br>
איִנהאַלט און פֿאָרם.—

שוין, אַזוי איינס און צוויי אָפּגעפֿאַרטיקט דעם איִניען מיִט אַ פֿאָרמולע, אַ מוטיִקע און וויִסנשאַפֿטלעכע? נאָר ס׳איִז דאָך געגוג, אַז כ׳ זשוקאָווסקיִ זאָל זיִך מאַטריעך זײַן און איִבערלייענען פּלעכאַנאָווס אַרטיִקלען וועגן קונסט און געזעלשאַפֿטלעכקײַט, וועגן קונסט באַם אורמענטש, ער זאָל זיִך איִבערצײַגן, וויִ וויִסנשאַפֿטלעך עס איִז דער דואַליִזם זײַנער וועגן איִנהאַלט און פֿאָרם.

יעדער איִנהאַלט איִז מעכאַיעוו אַ געוויִסע פֿאָרם, און דיִ מעגלעכקײַט, אַז אַן „איִדעאָלאָגיִשער פֿאַרנעם״ זאָל זײַן פֿאַרגענגלעך און זײַן פֿאָרם אייביִק, איִז שוין מעמיילע אַן אַבסורד. און אויב „שאַפֿונג-מיִטלען״ זײַנען דויערהאַפֿטיִקער, וויִ דער „איִדעאָלאָגיִשער

פֿאַרנעם", איז עס אײנס פֿון די אומגליקן פֿון קונסט, און ניט איר שטאַרק. *פֿאָרמע זײַנען קאָנסערװאַטיװער פֿון אינהאַלט.*

װען אַ קלאַס גײט אונטער, און מיט אים פֿאַרשװינדט דער „אידעאָלאָגישער פֿאַרנעם" פֿון זײַן קונסט, בלײַבן נאָך אַף אַ געװיסער צײַט די פֿאָרמען פֿון זײַן קונסט. דער נײַער קלאַס האָט נאָך ניט באַװיזן צו שאַפֿן אײגענע פֿאָרמען, דאָס איז אַ פּראָצעס אַ לאַנגזאַמער. אַזוי זעען מיר, אַז די לעצטע שלאַכט דעם קלאַסיציזם אין פֿראַנקרײַך האָט געגעבן ערשט װיקטאָר הוגאָ אין זײַן באַרימטער פֿאָרעדע צו „קראָמװעל", ד. ה. מיט אָנדערהאַלבן יאָרהונדערט נאָך בואַלאָס „פּאָעטישע קונסט", כאָטש דאָס אַכצנטע י. ה. האָט שױן פֿאַקטיש דורך דידראָ און מערסיע געפֿירט מיט דערפֿאָלג דעם קאַמף קעגן דעם קלאַסיציזם. די אַלטע פֿאָרם האָט שױן פֿאַקטיש געהאַט פֿאַרלאָרן איר באָדן, און דאָך האָט זי נאָך אַזאַ לאַנגע צײַט ניט געװאָלט אַראָפּ פֿון דער אַרענע און אַפֿילע ניט אָפּזאָגן זיך פֿון איר הערשערישער ראָל. מאַכן פֿון אַ נויט אַ טוגנט איז ניטאָ װאָס, שטעלן דעם קאָנסערװאַטיזם פֿון פֿאָרם אַלס אַ סימען פֿון „קלאַסישקײַט" און אויסדערװײלטקײַט איז אַן אומזין.

אָבער לאָמיר אַ קוק טאָן אַף כ׳ זשוקאָװקיס פֿאָרמולע גופֿע. מיט װאָס באַצײכנט ער דעם סימען פֿון קלאַסישקײַט, פֿון אויסדערװײלטקײַט אין קינסטלערישע װערק?

„קלאַסיק האָט דערפֿאַר אַ װערט פֿאַר דער גאַנצער ליטעראַטור, װאָס אירע מוסטערהאַפֿטיקע, אָריענטירנדיקע שאַפֿונג-מיטלען זײַנען דויערהאַפֿטיקער פֿאַר איר אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם".

לאָמיר אַנטקעגנשטעלן דעמראָזיקן טעזיס אַ צװײטן טעזיס:

„די מאַדרײגע פֿון אַ קונסטװערק װערט אינעם לעצטן סאַכאַקל באַשטימט לויט דער װאָגיקײַט פֿון זײַן אינהאַלט". דער צװײטער טעזיס געהערט ניט דעם כ׳ זשוקאָװסקין—ער געהערט פּלעכאַנאָװן. און כ׳ זשוקאָװסקי, װעלכער קאָן ניט מאַסקים זײַן צו באַטיטלען אַלס קלאַסיקער אַזעלכע דיכטער, װעלכע האָבן אָנגעהױבן אַ נײַע עפּאָכע, דיכטער, װעלכע זײַנען די אָװעס פֿון דער רעװאָליוציאָנערער אַרבעטער-ליד, װײַל קלאַסיקער הײסן נאָר אַזױנע דיכטער, װעלכע זײַנען לויט דעם *קװאַליטעט* פֿון זײער דיכטונג גרויס, איז נעבעך געצװונגען געװען אַנטקעגנצושטעלן פּלעכאַנאָװס טעזיס אַן אײגענעם קעגנזעצלעכן טעזיס װעגן דער פֿראַגע, *װאָס* עס באַשטימט די קװאַליטעט פֿון אַ קונסטװערק.

לויט פּלעכאַנאָװן—די װאָגיקײַט פֿון זײַן אינהאַלט, לויט זשוקאָװסקין—די מוסטערהאַפֿטיקײַט פֿון די שאַפֿונג-מיטלען.

קלאָר!

און דערפֿאַר איז,—ניט געקוקט אַף דעם כ׳ זשוקאָװסקיס װוילערישן פּינטל מיט אַן אויג: „אַהאַ, אַן אויסערקלאַסן-צוגאַנג כ׳ װעװיאָרקע"!.. װאָס דאָס זאָל אין טאָך באַטײַטן, אַז װער-װער, נאָר כ׳ זשוקאָװסקי איז פֿון אַזױנע אומאָנגענעמלעכקײַטן פֿאַרסטראַכירט,—זײַן פֿאָרמולע יעדנפֿאַלס אַן אַנטימאַרקסיסטישע.

3

און װאָס איז איבערהױפּט דער פּירעש פֿון דויערהאַפֿטיקײַט? דויערהאַפֿטיק פֿאַר װעמען? פֿאַר דער ליטעראַטור?

נו, באַ די „עמעסע" קלאַסיקער, באַ די, װאָס נאָר זײ װיל כ׳ זשוקאָװסקי באַטיטלען מיט ערן-טיטול „קלאַסיקער", זײַנען טאַקע פֿאַראַן אַזעלכע שאַפֿונג-מיטלען, װאָס זאָלן זײַן אָריענטירנדיק פֿאַר דער ליטעראַטור פֿון אונדזער עפּאָכע?

קאָנקרעט גערעדט, וועט כ׳ זשוקאָווסקי הייסן אונדזערע סאָוועטישע שרײַבער זיך אָריענטירן אַף פערעצעס שאַפֿונג-מיטלען צי אַף מענדעלעס, צי אַפֿילע אַף שאָלעם-אַלײכעמס? קאָנען די דאָזיקע קלאַסיקער גילטן ווי אַן אָריענטיר-פּינקט פֿאַר אונדזער ליטעראַטור?

אָט געפֿינט כ׳ ליטוואַקאָוו, אַף ווען כ׳ זשוקאָווסקי שפּאַרט זיך אַזוי אָן אין זײַן אַרטיקל, אַז:

„אַ נײַער שרײַבער אין אונדזער רעוואָליוציע-עפּאָכע האָט ניט אין דער יידישער ליטעראַטור קיין אַנדער קוואַל פֿאַר נײַעם סטיל, אויסער ניסטער“.

אויב אַזוי, טאָ אין וואָס באַשטייען די אָריענטירנדיקע דויערהאַפֿטיקע שאַפֿונג-מיטלען פֿון די קלאַסיקער? מיט וואָס זײַנען זייערע שאַפֿונג-מיטלען דויערהאַפֿטיקער פֿון זייער „אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם“?

אָדער:

וועט עפּשער כ׳ זשוקאָווסקי אָפּלייקענען די קלאַסישקייט פֿון מענדעלע, שאָלעם-אַלײכעם און פערעץ אויך, און נאָר אנערקענען איין-איינציקן קלאַסיקער פֿאַר אונדזער ליטעראַטור—

דעם ניסטער?

אַף דעם, דוכט זיך, וועט פֿונדעסטוועגן דעם כ׳ זשוקאָווסקי ניט קלעקן ניט קיין וויסנשאַפֿט, ניט קיין מוט. שטעלט זיך דאָך אַ פֿראַגע: פֿאַרוואָס קאָן דער כ׳ זשוקאָווסקי מאַסקים זײַן אַף דער קלאַסישקייט פֿון מענדעלע, פערעץ, שאָלעם-אַלײכעם, כאָטש זייער „אידעאָלאָגישער פֿאַרנעם“ איז ניט דויערהאַפֿטיק און זייער פֿאָרמעלער פֿאַרנעם איז, לויט כ׳ ליטוואַקאָווס ציטירטער מיינונג, אויך ניט דויערהאַפֿטיק, און ער קאָן פֿאַר קיין פֿאַל ניט מאַסקים זײַן אַף דער קלאַסישקייט פֿון באָוושאָווער, עדלשטאַט א. א. וו., וואָס קעגן זייער „אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם“ האָט כ׳ זשוקאָווסקי גאָרניט וואָס אָנצוווענדן, און וועגן זייער פֿאָרמעלן פֿאַרנעם האָט זיך כ׳ זשוקאָווסקי ניט גענומען די מי צו באַטראַכטן, ווײַל די יידישיסטישע קריטיק האָט עס שוין געטאָן פֿאַר אים?

וואָס שטייט אײַך אַזוי ניט אָן, כ׳ זשוקאָווסקי, צו פֿאַרפֿלעקן דעם הייליקן טיטל „קלאַסיקער“ מיט די דאָזיקע פּיאָנערן פֿון אונדזער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור?

און טאַקע דער כ׳ ליטוואַקאָוו אַליין, וועלכער האָט מיט אַזאַ קאַטעגאָרישער פֿאַראַכטונג געוואָרפֿן די פֿראַזע: „נײַגעבאַקענע קלאַסיקער!“ („עמעס“ 1229), האָט דאָך פֿונדעסטוועגן דעמדאָזיקן ערנטיטול באַ מענדעלען, פערעצן און שאָלעם-אַלײכעמען ניט צוגענומען, כאָטש ער געפֿינט, אַז אין הײַנטיקס סטיל האָט די איצטיקע ליטעראַטור גאָרניט וואָס צו נעמען באַ זיי, און אין היינטיקס אידעאָלאָגיע דאָך געוויס ניט!

און ווי האַלט עס מיט די דאָזיקע רעוואָליוציאָנערע פּאָעטן? האָט אונדזער איצטיקע רעוואָליוציאָנערע פּאָעזיע עפּעס אַ שײַכעס מיט זיי, אָדער ניט?

כ׳ י. בראָנשטיין, וועלכער האָט זיך אין דעם שטרײַט מיקויעך דער „קלאַסישקײַט“ פֿון באָוושאָווער און זײַנע כאַווייריִם געהאַלטן נייטראַל, האָט פֿונדעסטוועגן, נעמענדיק זיך צום פֿ אָ ר ש ן, געמוזט אַביסל אָפּטרעטן פֿון זײַן נייטראַליטעט.

אינעם „פּראָליט“ (נומער 11—12 1929) דערציילט אונדז כ׳ בראָנשטיין וועגן דער ערשטער טקופֿע פֿון דער נאָכאָקטיאַבערשער פּאָעזיע אין יידיש, אַז זי איז געשטאַנען הינטער דער באָוושאָווער-עדלשטאַט האַשפּאָע, אַ זאַך, וואָס האָט זייער אויפֿגעקאָכט אונדזערע היימיש-געבאַקענע עסטעטן.

האָט עפּעס צו זאָגן אַזאַ פֿאָדעם, וואָס ציט זיך פֿון יענע אַרבעטער דיכטער צו דער אויפֿגעברויזטער יונגער דיכטונג פֿון נאָך-אָקטיאַבער?

און בענויגייע אונדזער מאָדערנער פּאָעזיע?—

שוין זשע איז בעעמעס אַזוי שווער צו געפֿינען פֿאָדעם, וואָס ציִען זיך פֿון אונדזערע ערשטע אַרבעטער-דיכטער צו אונדזער הײַנטיקער פּאָעזיע?

לאָמיר פּרוּוון כאַפּן אַזוי פון אויבנוף, אָן אַ גרונטלעכן שטודיום, וואָס פאָדערט זיך פאַר אַזאַ אַרבעט:

טויזנטער בליִשטשען הײַנט אָוונט די שטערן,
ציִרנדיק אויבן דעם הימל מיט פּראַכט;
דאָ אַף דער ערד בליִשטשען אויגן מיט טרערן,
טרערן פון פּעניִמער שוואַרץ ווי די נאַכט.
— — — — — — — — — — —

שטיל אײַן, אָ נאַטור, דײַנע זיסע אַקאָרדן.
דײַן גאָלדענע האַרפע שטיל אײַן!
דײַן ליד וויל מײַן ליבע צום שוואַכן דערמאָרדן,
עס ציט אין דײַן שויס מיך אַרײַן.
— — — — — — — — — — —

אַוואַדע וואָלט איך וועלן זיך פאַרזינגען,
דאָס גאַנצע האַרץ צעווייען מיטן ווינט—
נאָר איך קאָן דאָך ניט, אַז מיר זאָל גרינג זײַן,
ווען ס'איז נאָך אַלעמען ניט גרינג!

איך האָב נאָך אַלץ ביז איצט ניט פײַנט די שטערן,
מיט ווינטן איז מיר אַלעמאָל נאָך גרינג,
נאָר איך וויל אַצינד ניט הערן,
ווי ס'רוישט אַף מיר אַ שטיפּערל, אַ ווינט.

שוין-זשע פילט זיך ניט קײַן קרוווּעשאַפט צווישן די ציטירטע פיר סטראָפעס? שוין-זשע איז ניט פאַראַן קײַן מישפּאָכעדיקײַט צווישן די שטערן פון דער ערשטער סטראָפע און די שטערן פון דער לעצטער? און צווישן דער גאָלדענער האַרפע פון דער נאַטור אין דער צווייטער סטראָפע, און די ווינטן פון דער דריטער און לעצטער סטראָפע? קלאָר, אַז אַזאַ קרוווּעשאַפט איז פאַראַן! ניט נאָר וואָס דער מאָטיוו פון די אַלע סטראָפעס, דער זין איז אײנער, נאָר אויך די עלעמענטן פונעם ליד זײַנען קימאַט אײנע און דיזעלבע—
און געהערן געהערן די סטראָפעס:
די ערשטע ווינטשעווסקין,
די צווייטע באָושאָווערן,
די דריטע און פערטע כאַריקן.
דער הויפּט-אונטערשייד, וואָס ליגט צווישן דיזאָזיקע סטראָפעס, איז די צ ײַ ט.
אָדער נעמען מיר אַזעלכע בײַשפּילן:

„ניט מעכטיק און גרויס צו זײַן שטרעב איך,
איך האָף ניט אַ קינסטלער צו זײַן;
אויך ניט פאַר אומשטערבלעכקײַט לעב איך:
דאָס קומט מיר אין זין ניט אַרײַן
— — — — — — — — — — — —

ווי לאַנג נאָך די קנעכטשאַפט וועט דויערן,
ווער ווייס, אַך ווער ווייס נאָך, ווי לאַנג?
איך ווייס, נאָך אַזוי לאַנג וועט טרויערן
מײַן ליד מיט זײַן טרויער-געזאַנג
— — — — — — — — — — — —

אַרט מיִך ניִט, אויב אייביִקייַט וועט מיך ניִט קענען,
אויב קיינער וועט ניִט כאָוועך מייַנע טריִט,—
אָט איִצט-אַציִנד, ווען הערצער ברענען,
דאַרף איך קומען מיִט מייַן ליד!

נו, פאַראַן עפעס אַ שייַכעס? דוכט זיִך פאַראַן. זייַנען די ערשטע סטראָפעס וויִנ-טשעווסקיִס (פון „מייַן אַמביִציאָן", און פון „מייַנע פאָלקליִדער") און די לעצטע סטראָפע איִזי כאַריִקס.

און וויִדעראַמאָל באַשטייט דער הויפט-אונטערשייד איִן דעם, וואָס כאַריִקס ליִד איִז געזונגען „אַף דער ערד", און וויִנטשעווסקיִס ליִד איִז אַ טרויער-געזאַנג, ווי לאַנג די קנעכטשאַפט וועט דויערן, אַ טרויער-געזאַנג וואָס איִז איִן דערהויבענע מאָמענטן פאַר-וואַנדלט געוואָרן איִן אַ קאַמף-געזאַנג".

אָדער לאָמיִר נעמען אַזאַ מיִן סטראָפע:

„פון ייִדיִשע ווערטער אַלטמאָדיִשע
פון איינפאַכע רייד אָן אַ קלאַנג,
פון טענער אָפט וויינדיִק מעלאָדישע
פאַרפאַס איך מייַן פראָסטן געזאַנג".

די סטראָפע געהערט אויך דעם „זיידן" וויִנטשעווסקיִן (פון „מייַנע פאָלקליִדער").

איינפאַכע רייד און פראָסטע געזאַנגען. שוין-זשע האָבן די „פראָסטע רייד" פונעם איינִיקל איִציִק פעפער פון שפאלע, מיִט זייַנע ליִדער, וואָס זייַנען „פראָסט און וואַרעם", קייַן שום שייַכעס ניִט אַהער? פאַרשטייט זיִך, אַז זיי האָבן אַ גרויסע שייַכעס. עלע וואָס דען?

„די שאָ די הייַנטיִקע איִז ניִט ווי פאַראַיאָרן,
די ליִד הייַנטיִקע איִז אויך ניִט ווי אַמאָל"

זאָגט וויִנטשעווסקיִ אַף זייַנע ליִדער:

„זיי זייַנען דער אָפקלאַנג פון טעגלעכע
פאַרשטיִקטע געשרייען פון פאָלק".

און פעפער שרייַבט זייַנע לידער איִן „טעג פון פראָסטן וווּנדער". ס'איִז דאָך קלאָר, אַז די רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער-ליִד איִן דער עפאָכע, ווען דער אַרבעטער-קלאַס הייבט ערשט אָן שטעלן זייַנע ערשטע טריִט צום רעוואָליוציאָנערן קאַמף, קאָן ניִט זייַן די זעלבע, וואָס די אַרבעטער-ליִד נאָך אָקטיאַבער אַף דער סאָוועטן-ערד. אָבער פון איין קוואַל גייען די ביידע ליִדער, פון איין סאָציאַל-עסטעטיִשן שוירעש, פונעם אַרבעטערס שפעריִשער און קעמפעריִשער עסטעטיִק, און דערפאַר האָט באַוושאָוועס און עדלשטאַטס און וויִנ-טשעווסקעס ליִד באַפרוכפערט אונדזער נייַע אַרבעטער-ליִד, באַפרוכפערט זי באַ נייַע אומ-שטענדן, ווען דער אַרבעטער-קלאַס געפיִנט זיִך אַף נייַע העכערע סאָציִאַלע עטאַפן.

דיִדאָזיקע ווירקונג גייט אַף צוויי ליִניעס: אַ דיִרעקטע ווירקונג און אַ ווירקונג אָן אומ-דיִרעקטע, דורך פאַרשיידענע אונטערערדיִשע פאָלקלאָר—קאַנאַלן.

די ליִדער פון די ערשטע אַרבעטער-פאָעטן זייַנען אַרייַן איִן דער טיִפסטער טיִף פון די אַרבעטער-מאַסן. דאָרט זייַנען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן איִן פראָלעטאַריִשן פאָלקלאָריִשן אייגנס, און פון דאָרט איִז עס אַרייַן איִן אונדזער נייַער פראָלעטאַריִשער פאָעזיע, איִן פאָרם פון פאָלקלאָריִשן וואָרט-מאַטעריאַל, בּיִלדער-באַגריִפן, ריִטמען א.אַ.וו.

דאָ ליִגט אַ טייל דויערהאַפטיִקייַט פון דערדאָזיִקער אַרבעטעריִשער דיכטער-גרופע.

4

פֿאַרשטײט זיך, אַז אויב מיר נעמען דויערהאַפֿטיקײַט אַלס אַ סימען פֿון קלאַסישקײַט, האָבן באָװשאָװער און עדלשטאַט און װינטשעװסקי פֿיל מער רעכט אַף דעמדאָזיקן אומשטערבלעכן טיטול „קלאַסיקער“, װי פּערעץ און װי מענדעלע. װאָרעם נאָר קאָנסערװאַטיזם קאָן פֿאַרבלענדן די אויגן אַף דער אומדויערהאַפֿטיקײַט סײַ פֿון מענדעלען, סײַ פֿון פּערעצן.

אַז מ'רעדט װעגן די קלאַסיקער, דאַרף מען נאָך פֿונדעסטװעגן מאַכן אַן אונטערשייד צװישן אַ שעקספּיר און אַ געטע, און צװישן אַ מענדעלע און אַ פּערעץ, אָדער אַפֿילע צװישן די לעצטע און אַ טאָלסטאָי, אָדער אַ פּושקין. די „געװיגישע“ קלאַסיקער, װי זיי זײַנען ניט געװען די אויסדריקער פֿון אַ באַשטימטער סוויווע אין אַ געװיסן סאָציאַלן שיכט, זײַנען זיי אָבער געװען װעלטלעך און מענטשלעך. אַ טייל פֿון זיי, די, װאָס זײַנען באַשענקט געװען מיט געװינעס, האָבן אָפּערירט מיט „נאַקעטע מענטשלעכע לײַדנשאַפֿטן“ (שעקספּיר און געטע).

עמעס, דידאָזיקע „נאַקעטקײַט“ איז פֿאַקטיש לאַכלוטן ניט נאַקעט געװען. זי האָט געטראָגן אַף זיך אַ סאָציאַלן, אַ קלאַסישן מאַנטל. אָבער אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען די קונסט זייערע, װאָס דערדאָזיקער מאַנטל איז אַזוי קונציק דין געװעבט געװען, אַז דורך אים האָט זיך דורכגעזען די נאַקעטקײַט. אַמװייניקסטן האָט עס געגעבן אַן אילוזיע פֿון אַזאַ ריין-מענטשלעכער נאַקעטער לײַדנשאַפֿט. דידאָזיקע אילוזיע האָט געקענט אָפּנאַרן מיט „אייביקײַט“. אָבער נעמט אונדזערע אייגענע קלאַסיקער, זיי זײַנען דאָך אַזוי ענג-נאַציאָנאַל, זייער קונסט איז דאָך אָנגעטאָן אין שװערע יידישע בעקעשעס! סײַ מענדעלע, סײַ פּערעץ זײַנען דאָך אַזוי אויסגעקנאָטן פֿונעם קליינבירגערלעכן שטייגעריש-רעליגיעזן אויסקומעניש, אַז מיטן ערשטן סאָציאַלן װינט איז זייער דויערהאַפֿטיקײַט פֿאַרשװונדן.

אַזוי איז עס מיט זייער „אידעאָלאָגישן פֿאַרנעם“ און אַזוי איז מיט זייערע פֿאָרמעלע „שאַפֿונג-מיטלען“.

קאָן דען מענדעלעס מאַגידיש-באַלעבאַטישע, לאַנגזאַם-בענימעסדיקע באַריידעניש גילטן פֿאַרן סטיל פֿונעם געהאַרטעװעטן, געשטאַלטן אַרבעט-מענטש פֿון אונדזער עפּאָכע? און פּערעצעס כסידיש-בערעמעזדיקע אויגנפּינטלען קאָן טויגן פֿאַרן מענטש פֿון דער פּראָלעטאַרישער עפּאָכע?

און אַפֿילע שאָלעם-אַלייכעם, דער דויערהאַפֿטיקסטער פֿון די דרײַ, קאָן דען זײַן מאָנאָלאָגישן-מאָנאָלאָג פֿונעם צעשויבערטן הו-האַ-מענטשל מענאַכעם-מענדל גילטן פֿאַרן אָרגאַניזירטן מענטש פֿון אונדזער אײַזן-עפּאָכע?

הייסט דאָס, אַז מיט דעם װערט אָפּגעלייקנט די „קלאַסישקײַט“ פֿון דידאָזיקע דרײַ ליטעראַטאָר-אָװעס?

ניין.

ס'װערט נאָר אָפּגעלייקנט כ׳ זשוקאָװסקיס צעשויבערטע פֿאָרמולע װעגן דויערהאַפֿטיקײַט, אַריינטירנדיקײַט און שאַפֿונג-מיטלען. אויב מיר אײַניקן זיך דערויף, אַז קלאַסישקײַט הייסט מוסטערהאַפֿטיקײַט פֿון שאַפֿן, װעט לויט אונדזער ליטעראַטור-באַנעם גילטן אַזאַ פֿאָרמולע: אַ קלאַסיקער איז דער, װאָס דריקט אַמבוילעטסטן אויס אין זײַן שאַפֿן די אידעאָלאָגיע, דעם געשמאַק און קולטור-ניװאָ פֿון זײַן קלאַס, פֿון דעם סאָציאַלן שיכט, װעמען ער פֿאַרטרעט.

דידאָזיקע מוסטערהאַפֿטיקײַט איז דויערנדיק ניט דערפֿאַר, װאָס זי נערט אַף אַלע דורעס, אין אַלע עפּאָכעס, אין יעדן סאָציאַלן סיידער די לעבעדיקע ליטעראַטור. אַזאַ מין אייביקײַט איז אין קונסט ניט פֿאַראַן, און װער עס װעט הײַנט שרײַבן װי שעקספּיר, װעט

זײַן לעכערלעך. דיִדאָזיקע מוסטערהאַפּטיִקײַט איִז אַ רעטראָספּעקטיִווע. ווען נײַע קלאַסן קומען צו דער מאַכט, גילט די אַלטע קלאַסיִק ניט ווי אַן אויסגאַנג-פּונקט פֿון שאַפֿן, ניט ווי אַ קוואַל פֿונוואַנען צו שעפּן, סײַ איִן איִנהאַלט, סײַ איִן פֿאָרם, ניִט ווי קײַן אָריִענטיִר-פּונקט, נאָר ווי אַ פֿאַרגלײַכונג-פּונקט.

צי איז די נײַע קונסט, דיִ קונסט פֿונעם נײַעם קלאַס, אַף איִרע וועגן און מיט איִרע מיִטלען, אַזוי האַרמאָניִש, אַזוי קרעפֿטיִק איִן איר אויסדריִקן די אידעאָלאָגיע, דעם געשמאַק און קולטור-ניוואָ פֿונעם קלאַס, וועלכן זי פֿאַרטרעט, ווי דיִ אַלטע קונסט פֿון דעם אָפּגעשטאָרבענעם קלאַס (אָדער פֿונעם קעגנעריִשן קלאַס) איִז געווען אַף אירע וועגן און מיט איִרע מיטלען, אויסדריִקנדיִק די איִדעאָלאָגיע, דעם געשמאַק און קולטור-ניִוואָ פֿון איִר קלאַס?

אָבער, מאַכנדיק דעם פֿאַרגלײַך, טאָר מען דערביי ניִט זײַן מעכאַניִש. ניִט קײַן ענלעכקײַט דאַרף מען האָבן איִן זינען, ווײַל די ענלעכקײַט קען ניט זײַן און טאָר ניִט זײַן. דיִ קונסט פֿון פֿאַרשיידענע קלאַסן מוז זײַן פֿאַרשיידן, איִן טאָך פֿאַרשיידן, סײַ לויטן אינהאַלט, סײַ לויטן ריִטם, סײַ לויט דער פֿאָרם און ליִניעס. באַם פֿאַרגלײַך דאַרף מען האָבן איִן זיִנען די דערגרייכטע רעזולטאַטן, דיִ וויִרקונג.

סאָפּקאָלסאָף דאַרף מען דאָך אופֿהערן האָבן אַ צווייענדיִקע בוכהאַלטעריע. פֿון איין זײַט זאָגן, אַז קונסט איז סאָציִאַל, דיִ ליִטעראַטור האָט אַ סאָציִאַלע קלאַסנדיִקע מיִסיִע, און פֿון דער צווייטער זײַט ניִט פֿאַרשטיין, אַז מיִסיִע הייסט וויִרקונג. אויב ליִטעראַטור האָט אַ סאָציִאַלע מיִסיִע, איִז שוין מעמיילע געדרונגען, אַז יענע ווערק, וואָס ווירקט סאָציִאַל אַמשטאַרקסטן, איִז אַ מוסטער-ווערק, ווײַל עס האָט אויסגעפֿיִלט זײַן מיִסיִע.

פֿאַרשטייט זיך, עס זײַנען פֿאַראַן ווערק, וואָס האָבן באַ זייער דערשײַנונג ניִט געוויִרקט, אָדער ניט געוויִרקט איִן דער געהעריקער מאָס, און ערשט איִן אַ צײַט אַרום האָבן זיי אויסגעיִבט זייער פֿולע וויִרקונג. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס דיִ סאָציִאַלע אומשטענדן זײַנען ניט געווען מעסוגל צו געבן דעם ווערק דעם געהעריִקן אָפּקלאַנג. און ווי נאָר עס האָט זיִך געביִטן דיִ סאָציִאַלע סיִטואַציִע, איִז צוזאַמען דערמיט געקומען דיִ געהעריִקע-וויִרקונג. פֿאַראַן אויך (און מערער נאָך) פֿאַרקערטע דערשײַנונגען; אַ ווערק גייט אַרויס, האָט אַן אומגעהויערע וויִרקונג און איִן אַ צײַט אַרום שטאַרבט דיִ וויִרקונג אינגאַנצן אָפּ. דאָ האָבן מיר וויִדער צו טאָן מיִט אַן אומבײַט איִן דיִ סאָציִאַלע אומשטענדן. עס איִז אָפּגעשטאָרבן דיִ סאָציִאַלע באַזע, וואָס דאָס ווערק האָט געהאַט, ווען עס איז דערשיִנען, אָדער עס האָבן זיך געביִטן די אומשטענדן איִן דערדאָזיִקער סאָציִאַלער באַזע. אָבער וויִ עס זאָל ניִט זײַן, איז דיִ וויִרקונג, דיִ סאָציִאַלע ווירקונג און רעגונג פֿון אַ ווערק, זײַן אַקטיִוויִזיִרנדיִקע ראָל, דער הויפּט-סיִמען, וואָס באַשטיִמט די פֿולקומענקײַט פֿון אַ ווערק.

און דערפֿאַר איִז קלאָר, אַז איִנהאַלט איִז איינס פֿון די הויפּט-עלעמענטן, טאַקע דער איקער-עלעמענט, וואָס באשטיִמט דיִ ערשטרייִקײַט פֿון אַ געגעבענעם ווערק. וואָרעם סאָציִאַלע ווירקונג, סאָציִאַלער אופֿברויז ווערט איִן דער ערשטער ריי דערגרייכט דורך איִנהאַלט. און מיר זעען טאַקע, אַז אַלע ווערק איִן דער וועלט-ליִטעראַטור, וועלכע האָבן געהאַט אַ לאַנגן קיִום, ווערק, וועלכע ס'איז צוגעשריִבן געוואָרן „אומשטערבלעכקײַט", זײַנען דעריִקער גרויס מיִט זייער איִנהאַלטלעכער קראַפֿט. אַזוי איִז מיִט סערוואַנטעס, אַזוי איִז מיט שעקספּיִר, אַזוי איז מיִט געטען א. א, וו. די פֿאָרם פֿון דיִדאָזיקע מײַסטערס ווערט באַטראַכט ווי אַ באַגלייט-איינגעשאַפֿט פֿון זייער איינהײַטלעכער קראַפֿט און טיִף, וויִ אַ עלעמענט, אָן וועלכן דער איִנהאַלט קאָן ניִט איבערגעגעבן ווערן, וויִ אַ מיִטל אויסצודריִקן אַמקלאָרסטן, אַמקרעפֿטיִקסטן, אַמשנעלסטן דעם נויטיִקן איִנהאַלט.

און נעמט מען די מאָס פֿון וויִרקונג, פֿון סאָציִאַלער רעגונג אַלס קריִטעריִע פֿון „קלאַסישקייט", איִז, פֿאַרשטייט זיִך, קײַן סאָפֿעק ניִט, אז איִן דער ייִדיִשער ליִטעראַטור קאָן זיִך איִן פּראָט פֿון סאָציִאַלער וויִרקונג קײַן איינציִקער שרײַבער ניִט גלייכן מיט דערדאָזיִ-

קער גרופּע אַרבעטער-דיכטער. זייערע לידער האָבן געברויזט אין צענער, הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער-הערצער. מיט זייערע לידער זײַנען יידישע אַרבעטער געגאַנגען אַף באַריקאַדן. זייערע לידער זײַנען געזונגען געוואָרן דורכן אַרבעטער-קלאַס אין מאָמענטן פון זיג און אין מאָמענטן פון מאַפּאָלעס. אין זיי האָט דער אַקטיווער, באַוווסטזיניקער יידישער אַרבעטער אויסגעדריקט זײַן פרייד און זײַן לייד, זײַן פאַרצווייפלונג און זײַן האָ-פענונג. זיי האָבן אים געוועקט, גערופן, געמונטערט צום שלאַכט. זיי האָבן אַקטיוויזירט זײַן ווילן איבערצובויען דעם וועלט-סיידער, זיי האָבן געוועקט בא אים דעם שטאָלץ און באַוווסטזײַן פון וועלטישן שאַפן.

האָט דאָס גאָרניט וואָס צו זאָגן?

איז דיראָזיקע ווירקונג פון קלענערער כשיוועס, ווי די ווירקונג פון מענדעלע מוי-כער ספאָרים, נאָר דערפאַר, וואָס מענדעלע האָט געווירקט ניט אַזוי אומיטלבאַר, ניט אַרויסגערופן קיין רעוואָליוציאָנערן טאַט און ניט געווירקט אַפן אַרבעטער-קלאַס? איז עס דערפאַר, וואָס מענדעלע אָדער פערעץ האָבן געווירקט דעריקער אַפן וואָרט, טיילווייז אַפן געדאַנק (אַפן קליינבירגערס געדאַנק) און באָוושאָווער, עדעלשטאַט און זייערע כאַווירים האָבן געווירקט אַפן טאַט (אַפן אַרבעטערס טאַט)?

האַלטן מיר טאַקע, אַז אין אָנהויב איז געווען דאָס וואָרט, ניט די טאַט?

און די פּאָעזיע פון אונדזערע ערשטע אַרבעטער-דיכטער איז געווען פּאָעזיע פון טאַט, פון רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער-טאַט.

אַ שאָד, ס'איז ניט מעגלעך צו מאַכן אַ גענויען כעשבן וויפל יאָר ספּיסע יידישע אַר-בעטער האָבן באַצאָלט פאַר די לידער פון דיראָזיקע פּאָעטן.

(פאָרזעצונג קומט).

# ביבליאָגראַפיע.

## עמיל זאָליאַ. קוילנגרעבער. אַלגעמיינע ביבליאָטעק נומ. 12. קאָאָפּ־פאַרלאַג „קולטור־ליגע“. קיעוו, 1930. 414 זייטן. פּרייז 2 רובל 60 ק.

עמיל זאָליאַס בוך „קוילנגרעבער“ איז געוויס נייטיק פאַר אונדזער ביבליאָטעק. זאָליאַ געהערט צו יענע שרייבער, וועלכע האָבן זיך מער פון אַנדערע אין אָפן סאַמע נאָענטסטן אויפן באַריִרט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן, און אויב ניט אינגאַנצן געלעבט מיט זייערע אינטערעסן און אידעאַלן, האָט ער אין אַ היפּשער מאָס זיי מיטגעפילט. ווי עס איז באַוווּסט, איז זאָליאַ אין איין צייט געווען אַ סאָציאַליסט און אַזוי אַרום אויך באַוווּסטזיניק זיך געשטעלט אויף דער זייט פון פּראָלעטאַריאַט.

„קוילנגרעבער“ איז אַ בוך דורכויס פון אַרבעטער-לעבן. באַ אים איז אין דעמדאָזיקן בוך פאַרקערפּערט געוואָרן אַן אַלזייטיקער בילד פון לעבן פון די שאַכטע־אַרבעטער, און עס איז קיין איין ווינקעלע ניט אויסגעבליבן, וואָס זאָל ווערן פון אים פאַרשטעלט.

די אַרבעט־פּראָצעסן אין די שאַכטעס, די צווישנבאַציִונגען פון אַרבעטער, דער לעבנשטייגער און דערהיים און אין די גרובן, די סאָציאַלע קאָנפליקטן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, די אויפוואַכונג פון אַרבעטער־באַוווּסטזיין, די ערשטע פּרוּוון פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, די געשלעכט-באַציִונגען, דאָס לעבן פון די עלטערע און יינגערע דורות... דאָס איז אויף איין פּאָליוס. און אָפּ־צווייטן בורזשואַזן פּאָליוס: דאָס זאַטע לעבן פון די אייגנטימער און דירעקטאָרן פון די שאַכטעס, די געקעכלטע אײדעלע טעכטער, די באַציִונג צו אַרבעטער פון די דאָזיקע לייט, זייער היימישער שטייגער, זייערע מיטיקן און בעלער, זייער איבערגעפּרעסנקייט, זייער פּאַכדאָנעס און געלט־גייציקייט — און דאָס אַלץ — אָפּן פאָן פון דער ווייסער, מיט קוילן־שטויב באַדעקטער נאַטור, פון די שווערסטע, גרויזאַמסטע אַרבעט-באַדינגונגען אונטער דער ערד, פון אָרעמקייט, דאָכקעס, נויט און הונגער אויף איין זייט, און אָנגעזאַמלטער רייכקייט און באַלעבאָטישער פאַרפוינגרעוועטקייט — פון דער צווייטער זייט.

זאָליאַ האָט אַ מעכטיקע פּען. ער צייכנט בילדער קרעפטיק, פּולבלוטיק, אַלזייטיק. גיט ער מענטשלעכע באַציִונגען, איז עס אויסשעפּנדיק-ברייט. ער טאַפּט אָן די סאַמע ווייטיקדיקסטע ערטער. ער דרינגט אַריין אין די סאַמע אינטימסטע ווינקעלעך פון לעבן. ער האָט די פעיִקייט צו אַנטפּלעקן די מענטשלעכע לייַדנשאַפטן, אָפּט באַווייזט ער די אינטימסטע ווינקעלעך פון לעבן אויף אַ ריין נאַטוראַליסטן, ניט פאַרשטעלטן אופן.

זאָליאַ שילדערט מיט גרויס קראַפט די נאַטור, זאַכן. זיינע בילדער פון דער שאַכטע שטייען פאַר אייך לעבעדיקע. זיין פּלאַסט קוילן איז צום אָנטאַפּן מיט די הענט. זיינע שענקעי, די הויז-אומגעבונג — דאָס אַלץ שטייט פאַר אייך און איר פילט דעם רייעך פון ציבעלע-געבראָטנס, דעם גערוך פון אָנגעוואַלגערטע מענטשלעכע קערפּערס.

אין דעם בוך „קוילנגרעבער“ גיט זאָליאַ דעם גאַנצן שווערלעכן לעבן פון די שאַכטע־אַרבעטער און ער באַווייזט זייערע שריט זיך צו ענגנשטעלן די באַלעבאַטים דורך שטרייק. פון אונטער זאָליאַס פען קומען אַרויס די אַרבעטער-מאַסן און זייערע איינציקע פירער, ווי קינדער פון אַ קלאַס, וואָס הויבט אָן אין זיך דערפילן די אייגענע קראַפט, וועלכער איז אָבער דערשלאָגן און אָפּגעשטאַנען, וועלכן עס שטייט אָפּן וועג פון שטרייק און סטיכישן אויפשטאַנד די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע. אויף דעמדאָזיקן פאָן וואַקסן אויס אינטערעסאַנטע און סימפּאַטישע פיגורן. עטיען, דער וואַגלענדיקער מאַשיניסט, וואָס איז פון זיין פאַבריק פאַרטריבן געוואָרן, איז אָנגעקומען אין די גרובן און לעבאָף זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער. קאַטערינע, די אָרעמע אַרבעטער-מיידל, וועלכע ווערט אַ קאָרבן פון די שטייגער-באַדינגונגען און פון דער טראַדיציע. די מישפּאָכע מאַגע, ווי פונעם זיידן ביזן אייניקל זיינען שוין אַלע קנעכט פונעם קוילנגרוב. דער באַלעבאָטישער קרעמער מעגראַ, וואָס באַרייסט דעם קוילנגרעבער און לאָזט ניט אויסן זיין טאַבסער און ווייב. די קליינע וואַגאַבונדן ליוסי און זשאַנלאַ — קומענדיקע קוילנגרעבער, וועלכע זיינען שוין אין זייערע קינדער־יאָרן אויסגעשטעלט אויף זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ.

אָבער באַזונדערס אומפאַרגעסלעך זיינען די מאַסן-בילדער. אַזאַ קראַפט אין שילדערן מאַסן-סצענעס, אַנוווקס פון צאָרן באַ די אַרבעטער-המונים איז זעלטן צו טרעפן. די בילדער, ווי די מאַסן באַוועגן זיך צו דער שאַכטעס-דירעקציע, ווי זיי נעמען אַראָפּ די שטרייק־ברעכער, ווי זיי קומען אָן צום הויז פון דירעקציע און שטויסן מעגראַן צו פאַרענדיקן מיט זיין לעבן אַזוי עקלהאַפט, ווי ער האָט עס פאַרדינט, די אונטערערדישע מאַסן־סצענעס. די שווערלעכע בילדער פון אויפרייס אין די שאַכטעס — דאָס אַלץ גרייכט די סאַמע העכסטע שילדערונג־שטופֿעס.

דעם בוך „קוילנגרעבער“ דאַרף מען לייענען. ער גיט גוטן שטאָף. כאָטש ס'איז אין אים ניט קענטיק, בא דער גאַנצער סימפּאַטיע, מיט וועלכער זאַליא באַציט זיך אָפּן צו די אַרבעטער-מאַסן, דער אויסוועג פֿון די שווערע באַדינגונגען. אָבער אין די בילדער גופֿא ליגט אַזויפֿיל קראַפֿט, אַז עס דינט שוין ווי אַ שווערער באַשולדיקונג-אַקט קעגן דער בורזשואַזער אָרדענונג, וועלכע עקספּלואַטירט אָן ראַכמאָנעס דעם אַרבעטער-קלאַס.

„קוילנגרעבער“ איז גוטער שטאָף פֿאַרן לייענער און גלייכצייטיק אינטערעסאַנטער פֿאָרשונג און לערן.מאַטע-ריאַל פֿאַר אונדזערע שרייבער. מע קען דאָ לערנען ווי צו נעמען אַן אַרבעטער-טעמע, ווי צו פּאַנאָראַמירן אַ פֿאַבול, ווי צו אַנטפּלעקן די אינערלעכע וועלט פֿון אַרבעט-מענטשן. בא זאַליא קען מען זיך לערנען שרייבן גרויסע הונדערט-זייטיקע ביכער און ניט קיין אומעטיקע. בא אים קען מען אויך היפּש יאָרשענען פֿון זיין רע-אַליסטישן סטיל. די בוילעטע צייכענונג פֿון זאַכן, די קלאָרע אָפּמאָלונג פֿון געשעענישן און מענטשן, די, אַזוי צו זאָגן, אָביעקטיווע באַציִונג צום מאַטעריאַל. זאַליא האָט אין זיך פֿאַרקערפּערט אַ רייכע קולטור, וועלכע איז אין אים געקויפּלט געוואָרן אַף גרויסן טאַלאַנט און אומגעהויערער פֿלייסיקייט. ווידעראַמאָל—מיילעס, וועלכע עס לוינט צו איבערנעמען, מיט די נויטיקע קאָרעקטיוון פֿאַר אונדזער צייט און פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

ש—ס.

---

## „מאָלאָדניאַק“, ליטעראַריש-קינסטלערישער און געזעלשאַפֿטלעך-פּאָלי-טישער כוידעש-זשורנאַל. אָרגאַן פֿון דער ווייסרוסישער אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרישע שרייבער. מינסק. נומ. 1. 1930 יאָר.

דער זשורנאַל הייבט זיך אָן מיט אַ לייטאַרטיקל וועגן די אויפֿגאַבן פֿון „בעלאַפּפּ“, וועגן דעם 3-כוידעשניק פֿון דער ווייסרוסישער און נאַציאָנאַלישער פּראָלעטאַרישער קולטור און וועגן דעם אָנטייל פֿון „בעלאַפּפּ“ אין דעם 3-כוידעשניק.

מע דאַרף, אַגעוו זאָגן, אַז דער „בעלאַפּפּ“ האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם 3-כוידעשניק, די אַרויס-טרעטונגען פֿון די ווייסרוסישע, יידישע, פּוילישע שרייבער אין מינסק און אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פֿון ווייסרוסלאַנד האָבן באַוויזן, אַז דער אינטערעס צו דער נייער ליטעראַטור מיצאַד די אַרבעטנדיקע מאַסן איז זייער אויסגעוואַקסן.

פֿון די דערציילונגען, וואָס זיינען געדרוקט אין דעם נומער „מאָלאָדניאַק“, פֿאַרדינט אַ באַזונדערע אויפֿמערק-זאַמקייט די דערציילונג פֿון פּ. גאָלאָוואַטש „דער שולדיקער“. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס מיר האָבן דערוויילע נאָר דעם אָנהויב פֿון דער דערציילונג, קען מען שוין מיט זיכערקייט זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ זייער אַן אינטערעסאַנטע, אַקטועלע טעמאַטיק—קאַמף מיט ביוראָקראַטיזם, בילדער פֿון רעוואָלוציאָנערן לעבן בא דער צאַרישער רעגירונג. איר שפּראַך איז אַ לייכטע און זאַפֿטיקע, די פֿאַבול אַנטוויקלט זיך האַרמאָניש און שפּאַנענדיק. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז דערווייל איז נאָך שווער צו אורטיילן וועגן דעם גאַנצן ווערק.

אין כורסיקס דערציילונג „דער שוואַרצער בריק“ האָבן מיר אַ ריי מאָמענטן פֿון קלאַסן קאַמף אין דאָרף, דער וווקס פֿון קלאַסנבאַוווסטזיין בא די באַטראַקעס.

דער אָנהייב פֿון גורסקיס פּיעסע „קאָטשעגאַרן“ באַווייזט, אַף וויפֿל אונדזערע יונגע ווייסרוסישע דראַמאַטורגן האָבן זיך געשטעלט אַן אויפֿגאַבע מאָלן אין זייערע שאַפֿונגען דאָס לעבן פֿון די אַרבעטער-מאַסן. נאָך קאָבעצעס פּיעסע „הוטע“ איז גורסקיס פּיעסע „קאָטשעגאַרן“ אַ דערפֿרייענדיקע דערשיינונג אין אונדזער דראַמאַטורגיע.

די פּאָעזיע, איז זייער רייך פֿאָרגעשטעלט: 9 לידער פֿון 8 ווייסרוסישע פּאָעטן. די דאָמינירנדיקע טעמע איז—דער קאָלווירט, דער טראַקטאָר (אַסטאַפּענקאָ, באָבריק, זשאַווריק א. אנד.).

כוועראָוויטש אין זיין ליד „טעמפּן-קאָנטראַסטן“ באַזינגט אונדזער דערפֿאָלגרייכע סאָציאַליסטישע בויונג אין שטאָט.

ניט אַ קוק, ס'גיסט זיך אָן
מיט עלעקטריע-בלוט
דער דורשטיקער קערפּער
פֿון מיין לאַנד. (פֿריי איבערזעצט).

מע דאַרף זאָגן, אַז די טעמאַטיק פֿון די לידער, וואָס מיר האָבן דאָ אין דעם נומער „מאָלאָדניאַק“, איז ניי און הייבט אָן אָפּשפּיגלען אונדזער בויונג. אין זיין אַרטיקל „וועגן ענגלאַנד און אירע אונטערשעפּן“ באַלויכט דער כ' באַראַשקאָ דעם ווייסרוסישן נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם אין דער ווייסרוסישער ליטעראַטור (זאַרעצקי) און פֿאַרבינדט עס מיט דיזעלבע דערשיינונגען אין דער אוקראַינישער ליטעראַטור (כוויליאָווי) און אין דער גרוזי-נישער ליטעראַטור.

גאַנץ רייך איז דאָ דער ביבליאָגראַפֿישער אָפּטייל, ווו עס זיינען דאָ אויך רעצענזיעס וועגן „שטערן“ נומ. 11 און אָרשאַנסקיס „אין בלויען קעסטעלע“.

נ. קאַבאַקאָוו.

# כראָניק.

## ליטעראַטור.

— אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרײַכוױדעשניק פֿון דער װײַסרוסישער און נאַצמינדישער פּראָלעטאַרישער קולטור זײַנען פֿאַר די לעצטע כאָדאָשים דורכגעפֿירט געװאָרן זײער אַסאַך ליטעראַרישע אָװנטן. די מינסקער פֿיליע „בעלאַפּפּ“ האָט דורכגעפֿירט איבער 100 אָװנטן אין אַלע מינסקער אַרבעטער-קלובן און קימאַט אין אַלע שטעט און גרעסערע שטעטלעך און קאָלװירטן פֿון װײַסרוסלאַנד. דערױקער זײַנען דורכגעפֿירט געװאָרן אינטערנאַציאָנאַלע אָװנטן, אָף װעלכע ס׳האָבן זיך באַטײליקט די מיטגלידער פֿון דער װײַסרוסישער, ייִדישער און פּױלישער סעקציע פֿון „בעלאַפּפּ“, װי אױך די ניטאָרגאַניזירטע סאָװעטישע שרײַבער.

די ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ האָט גענומען אַ באַזונדערס אַקטיװן אָנטײל אינעם דרײַכוױדעשניק און האָט אַכוץ די אינטערנאַציאָנאַלע אָװנטן דורכגעפֿירט אַ גרױסע צאָל ייִדישע ליטעראַרישע אָװנטן. ס׳זײַנען אױך געמאַכט געװאָרן אַרױספֿאָרן פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע און סאָװעטישע שרײַבער אין װיטעבסק, פּאָלאָצק, מאָזיר, האָמעל, מאָלעװ, זשלאָבין, קאַידאַנאָװ, באָריסאָװ, סמאָלעװיטש, ראָהאַטשאָװ, כױניקי א. אַ. אין װיטעבסק האָט די שרײַבער-בריגאַדע אין באַשטאַנד פֿון די כ״כ כאַריק, ראַסין, אַקסלראָד און ע. קאַהאַן פֿאַרבראַכט 5 טעג, דורכגעפֿירט 5 אָװנטן און אַ קינדער-פֿרימאָרגן און באַדינט אַרום 4.000 אַרבעטנדיקע.

בײַסן דרײַכוױדעשניק זײַנען אױך פֿאָרגעקומען אַרױסטרעטונגען פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער אָף די אונטערנעמונגען בײַסן מיטיק-איבערײַס. אין די ליטעראַרישע אָװנטן האָבן זיך באַטײליקט אַלע מיטגלידער פֿון „בעלאַפּפּ“ און די ניטאָרגאַניזירטע סאָװעטישע שרײַבער.

— אָף אַ זיצונג פֿון סעקרעטאַריאַט פֿון דער אַלפֿאַרבאַנדישער אַסאָציאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער („װאָפּפּ“) איז באַהאַנדלט געװאָרן די פֿראַגע װעגן דער אַלפֿאַרבאַנדישער באַראַטונג פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײבער און ס׳איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געװאָרן פֿאָלגנדיקער טאָג-סײדער פֿון דער באַראַטונג: 1) די אױפֿגאַבן פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אינעם רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד. 2) דער צושטאַנד, די פּערספּעקטיװן און שעפֿערישע פּראָבלעמעס פֿון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור (פֿאָרטרעגער כ׳ בראָנשטײן). 3) דער קאַמף אָפֿן פֿראָנט פֿון טעאַטער און דראַמע (כ׳ אָרשאַנסקי). 4) אָרגאַניזיר- און מאַסן-אַרבעט פֿון די ייִדסעקציעס באַ די פּראָלעטאַרישע שרײַבער-אָרגאַניזאַציעס (פֿאָרטרעגער כ׳ דונעץ). קאָרעפֿעראַטן: באַריכטן פֿון די ערטער און פֿון זשורנאַל „פּראָליט“. 5) װעגן דער שרײַבערישער יוגנט (כ׳ זשוקאָװסקי). 6) װעגן דער פֿאַרבינדונג מיט פּראָלעטאַרישע שרײַבער-אָרגאַניזאַציעס און גרופּן אין אױסלאַנד (כ׳ פֿעפֿער). 7) װעגן דער פֿאָרלאַג-אַרבעט (כ׳ קאַץ).

די באַראַטונג איז באַשטימט געװאָרן אין מײַ כוידעש, ניט שפּעטער פֿון 20-טן.

— אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרײַכוױדעשניק פֿון דער װײַסרוסישער און נאַצמינדישער פּראָלעטאַרישער קולטור גיבן אָפּ די װײַסרוסישע זשורנאַלן אַ באַדײַטנדיקן אָרט דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אינעם זשורנאַל „פּאָלימיאַ“ נום. 2 ד. י. זײַנען אָפּגעדרוקט אַ ליד פֿון איזי כאַריק און אַ דערצײלונג פֿון א. קושניראָװ (פֿון „קינדער פֿון אײן פֿאָלק“). אין דער איבערזעצונג פֿון װײַסרוסישן דיכטער אי. פּלאַװניק. אין זעלבן נום. איז אױך פֿאַראַן אַ גרױסער אַרטיקל פֿון כ׳ דונעץ װעגן דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין סאָװעטנפֿאַרבאַנד. אין „מאָלאָדניאַק“ נום. 3 ד. י. זײַנען אָפּגעדרוקט אַ ליד פֿון א. יודלסאָן און אַ דערצײלונג פֿון צ. דאָלגאָפּאָלסקי, אין דער איבערזעצונג פֿון אי. פּלאַװניק. אין „פּאָלימיאַ“ נום. 3 ד. י. װערט געדרוקט אַן אַרטיקל פֿון ג. קאַבאַקאָװ װעגן איזי כאַריק. אין דער צײַטונג „ראַבאָטשי“ איז געװען געדרוקט אַן דערצײלונג פֿון שימען גאָרעליק.

— מ. ליפֿשיץ האָט אָפּגעגעבן אין צענטרפֿאַרלאַג אַן זאַמלונג איבערזעצונגען פֿון די װײַסרוסישע פּאָעטן—מיטגלידער פֿון „בעלאַפּפּ“. אין דער זאַמלונג גײען אַרײַן די װערק פֿון די בעסטע װײַסרוסישע פּראָלעטאַרישע דיכטער, צװישן זײ די פּאָעמעס „באָלשעװיק באַכרים“ פֿון אַנדרײ אַלעקסאַנדראָװיטש און „יער צענטער גרונטשטײן“ פֿון פּאַװליוק טרוס. די זאַמלונג װעט האַלטן 3 דרוקבױגן.

— קײן דאָנבאַס איז אַרױסגעפֿאָרן די 1-טע ייִדישע שרײַבער-בריגאַדע אין באַשטאַנד פֿון די כ״כ פֿעפֿער, אַבטשוק און אָראַנסקי. די בריגאַדע האָט דורכגעפֿירט ליטעראַרישע אָװנטן אין אַרטיאָמאָװסק און סטאַלין און האָט באַזוכט די אַרבעטער-יישובים און שאַכטעס, קעדײ זיך צו באַקענען מיטן אַרבעטער-לעבן און מיט די פּראָדוציר-פּראָצעסן. די בריגאַדע איז אָרגאַניזירט געװאָרן אָפֿן סמך פֿונעם סאָצאָפּמאַך צװישן דער קיעװער סעקציע „װוספּפּ“ און „מאַפּפּ“.

— דעם 3-טן מײַ קומט פֿאָר אַ פּלענום פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „בעלאַפּפּ“. אָפֿן דאָזיקן פּלענום וועלן דעריקער באַהאַנדלט ווערן שעפֿערישע פּראָבלעמעס און פֿראַגן פֿון קריטיק. ס׳וועלן אויך אויסגעהערט ווערן באַריכטן וועגן דעם שאַפֿן פֿון די מיטגלידער פֿון די ייִדישע, פּוילישע און לעטישעס עקציעס.

— דעם 20-טן מאַרט איז אין ייִשעוו פּעטראָוויסק דערהאַרגעט געוואָרן דורך באַלעגופֿים דער קראַסנאָדאַרער פּראָלעטאַרישער שרײַבער פֿעדאָר מאַקעיעוו. כ׳ מאַקעיעוו איז אויך געווען אַן אַקטיווער קאָמוניסט און געזעלשאַפֿטלעכער טוער. ער איז דערהאַרגעט געוואָ־ן דורך אַ גרופּע צעיושעטע באַלעגופֿים בײַסן אויפֿקלערן די פֿויערים די באַשטימונגען פֿון די קרײַזישע אָרגאַניזאַציעס וועגן קאָלווירטן. כ׳ מאַקעיעוו איז אַלט געווען 30 יאָר.

— דעם 10-טן מאַרט איז אין כאַרקאָוו פֿײַערלעך פֿאַרלייגט געוואָרן אַ דענקמאָל דעם אוקראַיִנישן שרײַבער טאַראַס שעווטשענקאָ, אין צוזאַמענהאַנג מיטן 69-טן יאָרטאָג פֿון זײַן טויט.

— דעם 24 מאַרט איז קײַן סאָוועטנפֿאַרבאַנד געקומען דער רעדאַקטער פֿון דער ניו־יאָרקער קאָמוניסטישער צײַטונג „מאָרגן־פֿרײַהייט“ כ׳ מײלעך עפּשטיין. דעם 25 און 26 מאַרט האָט כ׳ עפּשטיין געלייענט צוויי פֿאָרטראָגן אין מינסקער אַרבעטער־קלוב א. נ. פֿון כ׳ לענין א. ד. ט.: „דער קריזיס אין אַמעריקע און די לאַגע פֿון אַרבעטער־קלאַס“ און „די ייִדישע פּראָלעטאַרישע קולטור אין אַמעריקע און די רעוואָלוציאָניזירונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט“.

כ׳ מײלעך עפּשטיין וועט פֿאַרווײַלן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד אַ לענגערע צײַט. ער וועט אויך אָנטיילנעמען אין דער באַראַטונג פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער אַלס דעלעגאַט פֿון דער ניו־יאָרקער פּראָלעטאַרישער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע „פּראָלעטפּען“.

— דעם 21-טן מאַרט איז אין מינסק פֿאָרגעקומען אַ גרויסער ליטעראַרישער אָוונט געווידמעט דעם פֿינפֿיאָריקן יובילײ פֿון דער ייִדסעקציע „מאַפּפּ“. אינעם אָוונט האָבן אויך אָנטיילגענומען די מאָסקווער שרײַבער—מיטגלידער פֿון „מאַפּפּ“—די כ״כ אָרשאַנסקי, מוישע טײַטש און האַרצמאַן. אָפֿן אַדרעס פֿון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ און רעדאַקציע „אָקטיאַבר“ איז צו דעם אָוונט אָנגעקומען אַ באַגריסונג־טעלעגראַם פֿון דער ייִדסעקציע „מאַפּפּ“.

— דער צענטרפֿאַרלאַג אין כאַרקאָוו גיט אַרויס אין דער סעריע „ראָמאַן־ביבליאָטעק“ פּערעץ מאַרקישעס עפּאָפּייע „ברידער“. דאָס איז די ערשטע העלפֿט פֿון אָריגינעלער ליטעראַטור, וואָס דערשײַנט אין דער סעריע „ראָמאַן־ביבליאָטעק“.

— אין דער קאַטעדער פֿון ווײַסרוסישער ליטעראַטור בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע האָט כ׳ מאַרקס עריק געלייענט (אין רוסיש) אַ פֿאָרטראַג א.ד.ט. „קריטיק פֿון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער סכעמע פֿון דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19-טן י. ה.“.

— די נאָענטסטע טעג קומט קײַן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד דער דײַטשישער פּראָלעטאַרישער שרײַבער לודוויג טורעק. אין 1929-טן יאָר איז דערשינען טורעקס בוך „אַ פּראָלעטאַריער דערציילט“, אַ ראָמאַן, וואָס טראָגט אַן אויטאָביאָגראַפֿישן כאַראַקטער. דאָס דאָזיקע בוך האָט אויפֿגעשטעלט טורעקן אין די ערשטע רייען פֿון דער דײַטשישער און צווישנפֿעלקערלעכער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. כ׳ לודוויג טורעק איז אַן אַרבעטער—אַ זעצער.

— אין דער נאָענטסטער צײַט ווערט אין מינסק צונויפֿגערופֿן אַן אַלפֿאַרבאַנדישע באַראַטונג פֿון פּויליש פּראָלעטאַרישע שרײַבער, וועלכע ווערט אָרגאַניזירט לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער פּוילישער סעקציע „בעלאַפּפּ“. אויף דער באַראַטונג ווערן אויך דערוואַרט די פּוילישע שרײַבער דאָמבאַל און ברונאָ יאַסענסקי.

— אויף אַ זיצונג פֿון דער סטאַלינער ליטעראַרישער גרופּע, אינאיינעם מיט דער אָרטיקער פֿאַרוואַלטונג פֿון „נעזקולט“ און די שרײַבער פֿעפֿער, אַבטשוק און אַראַנסקי, איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו אָרגאַניזירן אַ ייִדסעקציע בײַ דער דאָנבאַסער ליטעראַרישער פֿאַראייניקונג „זאַבוי“. אין דער ייִדסעקציע פֿון „זאַבוי“ גייען אַרײַן 7 כאַווײרים.

— אין אויפֿטראַג פֿון דעם ייִדסעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע האָט כ׳ מאַקס עריק באַזוכט באָברויסק, וווּ ער האָט געלייענט 3 פֿאָרטראָגן אין בויער־קלוב און אין הויז פֿון די בילדונג־טוער אויף די טעמעס: 1) דער קאַמף קעגן דער בורזשואַזער ייִדישער וויסנשאַפֿט, 2) די איצטיקע דיסקוסיע אין דער ליטעראַטור־פֿאָרשונג, און 3) איבערבליק איבער דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19-טן י. ה. די אָוונטן האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם אַרבעטער און קולטור־טוער און האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אינטערעס.

— דער ייִדסעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע לאָזט די טעג אַרויס אַ בראָשור, וואָס באַלויכט וויסנשאַפֿטלעך די איצטיקע קאַמפּאַניע פֿון דעם ייִדישן קלעריקאַליזם קעגן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און גיט אַ גרויסן היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן דער עקספּלואַטאַרישער ראָל פֿון די ייִדישע ראַבאָנים און צאַדיקים און זייער שטענדיקע צוזאַמענאַרבעט מיט די רעאַקציאָנערע רעגירונגען.

— דער כ׳ וואָלאָברינסקי האָט געלייענט אַ פֿאָרטראַג (אין ווײַסרוסיש) אין דער קאַטעדער פֿון מאַרקסיזם און לעניניזם בײַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע א.ד.ט. „דער קלאַסנקאַמף אין דער ייִדישער שפּראַך“. דער פֿאָרטראַג און די דעבאַטן האָבן פֿאַרנומען 2 אָוונטן.

# טעאַטער און קונסט.

— דעם 3-טן אַפּרעל האָט דער ווײַסרוסישער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער אָנגעהויבן זײַנע גאַסטראָלן אין מאָסקווע. דעם 2-טן אפרעל איז לעקאָוועד דעם טעאַטער אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ באַגעגעניש-אָוונט מיט דער מאָסקווער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט אין קלוב „קאָמוניסט“, אַף וועלכן ס'איז געקומען א גרויסער אַרבעטער-אויליעם. אַף דעם אָוונט האָט דער קינסטלערישער לייטער פֿון טעאַטער, כ' ראַפּאַלסקי, געהאַלטן אַ פֿאַ טראַג וועגן דער אַרבעט פֿון טעאַטער. מיט אַ פֿאָרטראַג וועגן דער מאפישער דראַמאַטורגיע איז אַרויסגעטראָטן כ' בראַנשטיין. דערנאָך האָבן די שרײַבער וועוויאָרקע. קושנירעוו און גאָרינער געלייענט פֿראַגמענטן פֿון זייערע ווערק.

די פֿאָרשטעלונג „באַטווין“ פֿון ווײַסרוסישן ייִדישן מעלוכע-טעאַטער גייט דורך אין מאָסקווע מיט גרויס דערפֿאָלג. די ייִדישע און רוסישע פּרעסע רופֿט זיך זייער וואַרעם אָפּ וועגן דעם טעאַטער. אין „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ“ פֿון 7-טן אפרעל איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן דעם טעאַטער. מיט אַ באַזונדערס וואַרעמען אַרטיקל וועגן „באַטווין“ האָט זיך אָפּגערופֿן די „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ (פֿאַר 9-טן אַפּרעל ד. י.).

אין אַרטיקל ווערט צווישן אַנדערש געזאָגט: „דער ספּעקטאַקל אַגיטירט, רעגט אָן דעם צושויער. וויזנדיק אַ לעבעדיקן בלעטל פֿון קאַמף, באַ אונדז איז מען געוווינט צו זידלען די קונסט פֿאַר נאַקעטער אַגיטאַציע, פֿאַר אַ נאַקעטן לאָזונג. און דאָ אַגיטירט די גאַנצע זאַך—די אויפֿשטעלונג, די מוזיק, די אויספֿאָרמירונג, די שפּילזאַפּטיק און פֿאַרביק. דאָס איז ניט קאַמער-אויפֿשטעלונג, ניט קיין קונסט פֿאַר אויסדערוויילטע. נאָר אַ מאַסן-קולטור-זאַך, וואָס איז צוגענגלעך דער ברייטער אַרבעטער-אוידיטאָריע, וועלכע ווייס אַפֿילע ניט די ייִדישע שפּראַך. דער אויפֿשטעלער ראַפּאַלסקי און דער קינסטלער טישלער האָבן געגעבן מוסטערן פֿון דעם, ווי מע קאָן מיט ווייניק מיטלען ווײַזן דעם צושויער גרויסע שטיקער לעבן.

דער ווײַסרוסישער מעלוכע-טעאַטער ווײַזט א גרויסע רעזשיסערישע און אַקטיאָרישע אַרבעט און אַ קולטורעלע שול. דער ספּעקטאַקל „באַטווין“ איז זייער וואַרעם אויפֿגענומען געוואָרן פֿון דער אַרבעטער-אוידיטאָריע“.

— דער מאָסקווער ייִדישער מעלוכישער וואָקאַלער קוואַרטעט אין באַשטאַנד פֿון די כ"ב קאַזאַקעוויטש, ווילסקער, ציאַנסקי און זײַדנער, צוזאַמען מיטן אַרטיסט ברוידאָ, האָבן באַזוכט מינסק, וויטעבסק, באָריסאָוו, פּאָלאָצק און מאָלעוו. דער קוואַרטעט האָט מיט דערפֿאָלג דורכגעפֿירט 30 קאָנצערטן אין די אַרבעטער-קלובן. עס זײַנען אויך אײַנגעאָרדנט געוואָרן אייניקע אַרויסטרעטונגען בייסן מיטיק-איבערייס אַף די אונטערנעמונגען.

— אָנהויב אפרעל האָבן זיך אין אוקראַינע אָנגעהויבן די גאַסטראָלן פֿונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע-טעאַטער. די ערשטע גאַסטראָלן האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 3-טן אפרעל אין אומאַן. דעם 27-טן אַפּרעל פֿאָרט אָפּ דער טעאַטער קיין קיִעוו. דער טעאַטער וועט אייך באַזוכן אָדעס, ניקאָלײַעוו און כאַרקאָוו. דער פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַינע האָט זיך געווענדט מיט אַ באַקאָשע צו אַלע קרײַז-שע אויספֿירקאָמען צו שטיצן דעם טעאַטער און באַפֿרײַען אים פֿון אַלע אָרטיקע שטײַערן.

— פֿון 1-טן אפרעל איז די ווײַסרוסישע ייִדישע מעלוכע-כאָר-סטודיע אַריבער אַרבעטן אַף 2 מישמוירעס, קעדיי אויפֿצונעמען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער אין דער סטודיע. די כאָר-סטודיע האָט אויך צוגעגרייט א נײַעם רעפּערטואַר פֿון רוויסאַרמעישע און קאָלעקטיוויזאַציע-לידער. אינעם נײַעם רעפּערטואַר גייען אויך אַרײַן אויסצוגן פֿון פּערעץ מאַרקישעס „ברידער“ און „ניט געדײַגעט“.

— דעם 27-טן מאַרט איז אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענשלוס-אָוונט צווישן די קאָלעקטיוון פֿון מאָסקווער און ווײַסרוסישן ייִדישע מעלוכע-טעאַטערן. די בריגאַדעס, וואָס זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן פֿון יעדן קאָלעקטיוו באַם שליסן דעם סאָצגעוועט, זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט ראַפּאָרטן. דער צוזאַמענשלוס-אָוונט האָט געטראָגן אַן אינטימען כאַראַקטער.

— דער ווײַסרוסישער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער אַרבעט איצט מיט אַ פֿאַרגיכערטן טעמפּ אַף בעזימענסקיס פּיעסע „דער שאָס“, אין דער איבערזעצונג פֿון א. קושניראָוו. די פּרעמיערע וועט גיין אין מאָסקווע.

דער טעאַטער האָט געשלאָסן נײַע אָפּמאַכן אַף פּיעסעס מיט די דיכטער איזי כאַריק און מוישע קולבאַק. אַכוץ דעם זײַנען באַשטעלט געוואָרן פּיעסעס באַ די שרײַבער וועוויאָרקאַ, גאָרינער, קושניראָוו און דאַלגאָפּאָלסקי.

— אָנהויב מײַ ווערט צונויפֿגערופֿן אין מאָסקווע אַן אַלפֿאַרבאַנדישע באַראַטונג פֿון רעוואָלוציאָנערע קינאָ-מאַטאָגראַפּיסטן. אַף דער באַראַטונג וועט באַהאַנדלט ווערן א פֿאָרטראַג וועגן די אויפֿגאַבן פֿון דער פּאַרטיי אַפֿן געביט פֿון קונסט און אַ פֿאָרטראַג פֿון כ' קירשאָן וועגן די אויפֿגאַבן פֿון די רעוואָלוציאָנערע קינאָמאַטאָגראַפּיסטן.

— דעם 15.טן יון עפֿנט זיך אין מאָסקווער פּאַרק פֿון קולטור און אָפּרו אַן אַלפֿאַרבאַנדישע אָלימפּיאַדע פֿון טעאַטערן. אין דער אָלימפּיאַדע וועלן נעמען אָן אַנטייל 17 קונסט-קאָלעקטיוון מיט 1000 אָנטיילנעמער. דעם 6-טן יול, אין טאָג פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון פֿ.ס.ס.ר., וועט זיך די אָלימפּיאַדע שליסן מיט א גראַנדיעזן צוזאַמענשלוס-אָוונט פֿון די פֿעלקער פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. אין דער אָלימפּיאַדע וועט אויך נעמען אָן אָנטייל דער ווײַסרוסישער ייִדישער מעלוכע-טעאַטער.

— דער צ.ק. פֿון קונסט-פֿאַריין רופֿט צונויף דעם 15-טן אַפּרעל אַן אַלפֿאַרבאַנדישע קאָנפֿערענץ פֿון אַקטיאָרן. אַף דער קאָנפֿערענץ וועלן באַהאַנדלט ווערן שעפֿערישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿראַגן און די פֿראַגע וועגן אָנטייל פֿון די אַקטיאָרן אין דער סאָציאַליסטישער בוייונג.

# וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי.

באַם שליסן דעם נומער האָט דער טעלעגראַף געבראַכט די דערשיטערנדיקע ידיעה, אַז דער גרויסער רעוואָליוציאָנערער דיכטער וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי האָט זיך גענומען דאָס לעבן... ס'האָט זיך איבערגעריסן אַ רייך, פֿלאַמיק און פֿאַרביק לעבן, אַ לעבן, וואָס איז געווען פֿול מיט קאַמף קעגן דער בורזשואַזער קולטור און קליינבירגערלעכן שטייגער, אַ לעבן, וואָס איז אָבער אויסטערליש און אומדערוואַרט אַליין איבערגעריסן געוואָרן דורך היימישע שטייגער-שוועריקייטן. „דאָס ליבע-שיפֿל האָט זיך צעקלאַפּט אָן שטייגער"— שרייבט מאַיאַקאָווסקי אין זיין לעצטן בריוו פֿאַרן טויט.

די ירושה, וואָס איז אונדז געבליבן פֿון מאַיאַקאָווסקין, איז קאָלאָסאַל. דאָס איז געווען אַ דיכטער מיט אַ גרויסן טאַלאַנט, מיט אַ געוואַלדיקן געזעלשאַפֿטלעכן טעמפּעראַמענט, מיט אַ גראַנדיעזן פֿאַרנעם. שוין פֿון זיינע ערשטע שעפֿערישע שריט האָט ער גענומען געזעלשאַפֿטלעך און קינסטלעריש ברעכן די ראַמען פֿון דעם בורזשואַזן שטייגער, סיידער און קולטור. זיין דיכטערישע שורע איז דורכגעזאַפּט מיט אַ גיפֿטיקער סאַטירע קעגן בורזשואַזיע און קליינבירגערטום. אָנהויבנדיק דערפֿון—ביים זיינע ערשטע שאַפֿונג-שריט,—איז ער נאָכדעם אַוועק ווייטער אַפֿן וועג פֿון עכט רעוואָליוציאָנערער דיכטונג, פֿאַרקניפֿנדיק זיין גורל מיטן קעמפֿערישן פּראָלעטאַריאַט און אָפּגעבנדיק זיין טאַלאַנט דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע. ער האָט געדינט דער רעוואָלוציע, מיט זיין שאַרפֿן צייט-גראַם, מיט זיין פּלאַקאַט און קאַריקאַטורישער צייכענונג, מיט זיינע לידער וועגן בירגער-קריג, בויונג, שטייגער. מאָלנדיק דעם העראָיזם פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע אין אַזעלכע ווערק, ווי „לענין" און „גוט", אַנטפּלעקנדיק די שפּירונגען פֿון דער רעוואָליוציע אין אַזעלכע ווערק, ווי „מיסטעריע-בוף" און „הונדערט פֿופֿציק מיליאָן", איז מאַיאַקאָווסקי פֿאַר דער לעצטער צייט שאַרף און בולעט אַרויסגעטראָטן אין זיינע סאַטירישע פּיעסן ווי אַ קעמפֿער פֿאַר נייעם שטייגער, ווי אַ קעמפֿער קעגן קליינבירגערלעכקייט, און מיט לידער—וועגן סאָציאַליסטישער בויונג.

אַ דיכטער מיט גרויסע סאָציאַלע אימפּולסן, איז ער שטענדיק געווען צווישן די, וואָס האָבן געשטרעבט אַקטיוו באַווירקן די פּראָצעסן פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן און ליטעראַרישער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד: אַ מענטש מיט גרויסן רעוואָליוציאָנערן טעמפּעראַמענט, האָט מאַיאַקאָווסקי רעאַגירט אַף אַלע עטאַפּן און וויכטיקע דערשיינונגען פֿון אונדזער רעוואָליוציע. אין אים איז געווען אַ גרויסע שפּע פֿון רעוואָליוציאָנערן, סאָציאַל-געזאַפּטן דיכטערישן טאַלאַנט, וועלכן עס האָט געקענט פֿאַנאַנדערוויקלען בלויז די עפּאָכע פֿון אָקטיאַבער-רעוואָליוציע.

אָריגינעל און פֿולבלוטיק איז מאַיאַקאָווסקיס סטיל, אַן אייגנאַרטיקער שטראָם אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער דיכטונג, אַ זעלבשטענדיקע שול.

אין—פּלוצים אַזאַ ידיעה: מאַיאַקאָווסקי איז געפֿאַלן טויט פֿון זיין אייגענער קויל, אָט דער מאַיאַקאָווסקי, וואָס האָט פֿאַרמאָגט בערג דינאַמיט אַף אויפֿרייסן דעם אַלטן שטייגער!

מאַיאַקאָווסקיס שריט קען בעשומויפֿן נית באַרעכטיקט ווערן און איז מער נית אַן איבעריקער באַווייז, ווי שטאַרק עס איז נאָך דער קלעם פֿון די אַלטע שטייגער-צוואַנגען, קעגן וועלכע עס האָט אַזוי טאַלאַנטפֿול געקעמפֿט באַ זיין לעבן מאַיאַקאָווסקי.

טייער וועט פֿאַר אונדז בלייבן דער אָנדענק פֿון דעם לעבעדיק-רוישיקן מאַיאַקאָווסקי, טייער וועלן אונדז בלייבן די רעוואָליוציאָנער-געזאַפּטע ווערק מאַיאַקאָווסקיס.

---

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק.

דרוקעריי פֿון ווייסרוסישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. באַשט. 1554. גלאַווליטבעל 1877. טיראַזש 2000.

